ח. סלאָוועס

# בּרוך פון אַמסטערדאַם

(דראַמע אין פיר אַקטן, ניין בילדער)



ניו-יאָרק

H. SLOVES

# BARUCH FUN AMSTERDAM

Drama in 4 Acts



Printed in U.S.A.


209

Published by

YIDDISHER KULTUR FARBAND
(YKUF)
189 Second Avenue
New York 3, N. Y.

# פאָרוואָרט

וועגן בענעדיקטוס ספּינאָזאַ, דעם גאונישן פילאָ־
סאָף, וואָס האָט אויפגעדעקט נייע האָריזאָנטן פאַרן מאָ־
דערנעם געדאַנק, איז פאַראַן אַן אומגעהויער־רייכע לי־
טעראַטור. אין אַלע וועלט־שפּראַכן איז אויספירלעך
געפאָרשט געוואָרן — און ווערט נאָך ווייטער געפאָרשט
— הן דאָס לעבן פון דענקער, הן זיין ווערק. ס׳איז
אָבער געבליבן כמעט אומבאַקאַנט און ווי פאַרדעקט
מיט אַ געדיכטן היסטאָרישן שלייער די געשטאַלט פון
ברוך דעספּינאָזאַ, פונעם אַמסטערדאַמער יידישן יונגנ־
מאַן, וואָס האָט געהאַט פאַרלאָזט די ישיבה־באַנק און
איז צו 24 יאָר, אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם.

וואָס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך — נישט דער
שפּעטערדיקער וועלט־באַרימטער בענעדיקטוס, נאָר
דער יונגער ברוך, דער בלייכער, טונקל־הויטיקער
בחור פון אַמסטערדאַמער געטאָ? וואָס איז געווען זיין
געדאַנקען־וועלט, זיין געפילן־וועלט? אין וועלכע באַ־
דינגונגען איז פאָרגעקומען דער געוואַלד־ריס, נאָך
וועלכן ברוך האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין יידישן נאָמען?

פון די צאָלרייכע היסטאָרישע קוועלן, וואָס די
נייסטע ספּינאָזאַ־פאָרשונג האָט אַרויסגעבראַכט, לאָזט
זיך וועגן יונגן ברוך אַרויסהויפן גאַנץ קאַרגע ידיעות.

בלויז איינע שטאַמט פון אַ יידישן מקור. אין די
אַרכיוון פון דער פאָרטוגעזיש־יידישער קהלה אין אַמ־
סטערדאַם, אין דער רשימה פון די שול־נדבות, געפינט
זיך פאַרן יאָר 5415 (1655) פאָלגנדיקע אויפשריפט:

Baruch Espinoza deve en 5 Dezre Sabat de
Hanuca 6 placas. ס׳הייסט, ברוך עספּינאָזאַ (דער
פאַמיליע־נאָמען שרייבט זיך אַמאָל עספּינאָזאַ, אָבער
ס׳רוב דעספּינאָזאַ) קומט פון 5טן דעצעמבער, שבת־

חנוכה, זעקס געלט־שטיק. וואָס קאָן עס זיין פּאַר אַ חוב פון שבת־חנוכה? ס׳האַנדלט זיך, אַפּנים, וועגן אַ נדבה, וואָס ברוך האָט מנדר געווען בעת אַן עליה אין דער פּאָרטוגעזישער שול.

געווען איז עס בסך־הכל קאַרגע אַכט חדשים פאַרן חרם. די דאָזיקע אויפשריפט איז וואַרשיינלעך בלויז צוליב אַ פאַרזען נישט פאַרשוואונדן פון די קהלה־אַר־כיוון, פונקט ווי עס איז נעלם געוואָרן יעדער שפּור פונעם „אחר" אין אַלע אַנדערע יידישע מקורים פון יענער צייט.

אַ צווייטע ידיעה געפינען מיר ביי איינעם פון די עלטסטע ביאָגראַפן ספּינאָזאַס, דעם האָלענדער יאָהאַ־נעס קאָלערוס. ס׳איז באַקאַנט, אַז ספּינאָזאַ האָט גע־האַט אַ שטאַרקע נייגונג צו צייכענען און מאָלעריי. דער־ציילט קאָלערוס אין זיין ספּינאָזאַ־ביאָגראַפיע פון 1705, אַז ער האָט אַליין געהאַלטן אין האַנט אַ גאַנץ ביכל מיט ספּינאָזאַס צייכענונגען. „אויף דער פערטער בלאַט, — שרייבט ער, — האָב איך באַמערקט אַנגע־צייכנט אַ פישער אין אַ העמדל, מיט אַ נעץ אויפן רעכטן אָרעם, פונקט אַזוי ווי ס׳ווערט געמאָלט אין די גע־שיכטע־בילדער דער באַרימטער נעאַפּאָליטאַנישער אויפשטענדלער־פירער מאַס־אַנדזשעלאָ". אין דעם דאָ־זיקן פישער, געקליידט ווי מאַס־אַנדזשעלאָ, האָבן ספּי־נאָזאָס הויז־באַלעבאַטים איינשטימיק דערקענט דעם פילאָסאָף גופא. דאָס איז געווען ספּינאָזאַס אויטאָפּאָר־טרעט, אַן אויטאָפּאָרטרעט זיכער פון די יונגע יאָרן — אָדער וועגן די יונגע יאָרן — ווייל אויך דער מאָ־דעל, מאַס־אַנדזשעלאָ אַליין, איז אויף אייביק פאַר־בליבן יונג. אַ פּשוטער פישער פון נעאַפּאָל, האָט מאַס־אַנדזשעלאָ געשטעלט זיך, אין 1647, בראש פון פאָלקס־אויפשטאַנד קעגן די שפּאַניער און איז אומגעקומען צו פיר־און־צוואַנציק יאָר. זיין נאָמען איז שנעל געוואָרן, אין דער דעמאָלטדיקער איירָאָפּע, אַ סימבאָל פון פאָל־

קישן פרייהייט־קאַמף. אָט־דער אויטאָפּאָרטרעט וואַרפט אַ ניי און אומדערוואַרט ליכט אויף דער גאַנצער דראַמע פון חרם.

דער בחור ברוך בן מיכאל, וואָס איז מנדר זעקס געלט־שטיק בעת אַן עליה אום שבת־חנוכה, און דער יוגנטלעכער טרוימער, וואָס זעט זיך גופא אין דער קליידונג און אין דער פּאָזע פון באַרימטן נעאַפּאָלי־טאנער פרייהייט־קעמפער — דאָס זיינען אפשר די צוויי פּאָלוסן פון קרייז, אין וועלכן די חרם־דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט.

געוויס, דאָס איז אַ השערה, אָבער אַ השערה אַן ערנסטע, אַ וויכטיקע, וואָס נישט בלויז איז זי מסוגל צו רייצן דעם כוח־הדמיון פון שריפטשטעלער, נאָר וואָלט געדאַרפט אויך ציען די אויפמערקזאַמקייט פון היסטאָריקער.

אין תוך־גענומען איז דאָך דער ענין פון חרם־ספּינאָזאַ ביז איצט נאָך לחלוטין נישט אויפגעקלערט. פאַרוואָס אייגנטלעך, צוליב געווי־וועלכע סיבות און אין וועלכע באַדינגונגען האָט מען מחרים געווען דעם 24־יאָריקן בחור?

דער פראַנצויזישער געלערנטער און פילאָסאָף פּיער בעיל, וואָס האָט איינער פון די ערשטע, אין זיין „היסטאָריש־קריטישן ווערטערבוך", געשריבן וועגן ספּינאָזאַן, שטעלט פעסט שוין אין 1702, ד. ה. קוים 25 יאָר נאָכן טויט פון פילאָסאָף: „איך האָב זיך באַמיט אויסצוגעפינען די אומשטענדן פון חרם, אָבער ס'איז מיר נישט געלונגען זיי אויפצודעקן". נישט מער מזל האָבן אויך דעם געביט אויך געהאַט די שפּע־טערדיקע פאָרשער. ספּינאָזאַ אַליין, אגב, האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס מיט קיין איין וואָרט וועגן חרם נישט דערמאָנט, נישט אין זיינע ווערק, נישט אין זיין קאָרעספּאָנדענץ, נישט אין די שמועסן מיט זיינע פריינט. איז עס דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען ביי

אים אַ טיפע וואונד, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרבאָרגן פאַר אַ פרעמדן בליק?

נישט בלויז די ניט־יידישע, נאָר אויך די יידישע היסטאָריאָגראַפיע האָט דעם ענין ווייט נישט פאַרענט־פערט. מיר משפטן פון אַ געפעלשטער לאחר־המעשה־פערספעקטיוו. מען פאַראורטיילט, אָדער מען באַרעכ־טיקט דעם חרם, פליסנדיק זיך אויסצוגעפינען צי די ספינאָזאַ־פילאָסאָפיע איז אין איינקלאַנג אָדער גאָר אין סתירה צו די יסודות און עיקרים פון יידישקייט. דער־ביי ווערט אָבער אַרויסגעלאָזט פון אויג אַ קליינער, הגם גאַנץ וועזנטלעכער פאַקט: דעם 27טן יולי 1656, אין טאָג, ווען ס׳איז אויסגערופן געוואָרן דער חרם איבער ברוך דעספינאָזאַ, איז נאָך בכלל קיין ספינאָזאַ־פילאָ־סאָפיע אויף דער וועלט נישט געווען. דער יונגער ברוך האָט נאָך דאַן נישט געהאַט פאַרפאַסט קיין איין חיבור, נישט אָנגעשריבן קיין איין ווערק.

איין איינציקער אויסנאַם בלויז — די „אַפּאָלאָגיאַ״. ערב דעם חרם, האָט ברוך צוגעשיקט צום אַמסטערדאַ־מער בית־דין אַ פאַרטיידיקונג־שריפט, אין שפּאַניש, צי פאָרטוגעזיש, די אַזוי־גערופענע „אַפּאָלאָגיאַ״, וואָס איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. די אַמסטערדאַמער רבנים האָבן זי, ווייזט אויס, פאַרניכטעט. ס׳איז אָנ־גענומען ביי די ספינאָזאַ־פאָרשער, אַז געוויסע טיילן פון אָט דער פאַרטיידיקונג־שריפט זיינען שפּעטער דורכן מחבר אַריינגענומען געוואָרן אין זיין „טעאָלאָ־גיש־פּאָליטישן טראַקטאַט״.

ספינאָזאַס ערשטער חיבור איז אַזוי אַרום אָנגע־שריבן געוואָרן דירעקט ערב דעם חרם, מיטן מיין און אין דער האָפענונג דעם חרם צו פאַרמיידן. ווידער, „דער קורצער טראַקטאַט וועגן גאָט, מענטש און זיין גליקזעליקייט־מצב״, וואָס גייט אָן פאַר דאָס ערשטע ווערק פון פילאָסאָף, הגם עס איז נישט מער ווי אַ קיצור, אויף האָלענדיש, פון שמועסן, וואָס דער יונ־

גער דענקער האָט געפֿירט אויף לאַטיין מיט אַ גרופּע פֿריינט, אַ קיצור, וועלכן ספּינאָזאַ גופֿא האָט העכסטנס בלויז איבערגעקוקט — דער „קורצער טראַקטאַט" שטאַמט, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, שוין פֿון נאָכן חרם, בערך פֿון יאָר 1660.

נישט דער ספּינאָזיזם איז, הייסט עס, די סיבה פֿון חרם־ספּינאָזאַ און אויך, העכסט וואַרשיינלעך — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסקוקן — נישט ברוכס „אפּיקורסות", אין ענגערן זין פֿון וואָרט. מען דאַרף נישט אויסמאָלן זיך די יידישע קהילה פֿון אַמסטערדאַם, אין דער ערשטער העלפֿט פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווי עפּעס אַ פֿאַרוואָרפֿן יידיש שטעטל פֿון פּוילן, צי וואָלין. אַמסטערדאַם איז געווען אַ גרויסער צענטער פֿון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, וואָס איז דערגאַנגען ביז אייפֿעריקן פֿאַנאַטיזם ביי די ניצול־געוואָרענע מאַראַנען, אָבער גלייכצייטיק — אַ גרויסער יידישער קולטור־צענטער, וואו עס האָבן געלעבט און געשאַפֿן, אין שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש און העברייאיש, באַדייטנדיקע יידישע געלערנטע, שריפֿטשטעלער, דיכטער און דראַמאַטורגן, מיט אַלגעמיין־אייראָפּיאישער בילדונג און דירעקט־באַווירקטע דורכן שפּאַנישן רענעסאַנס. מען קאָן דרייסט זאָגן, אַז פֿיל פֿון דער אַמסטערדאַמער יידישער אינטעליגענץ האָבן, פּונקט אַזוי ווי דער יונגער ברוך, נישט געגלויבט אין מלאכים, שדים און מכשפֿות און אפֿשר אויך נישט געהאַלטן צו פֿיל פֿון יידישער אתה־בחרתנודיקייט. אַזעלכע מינים „אפּיקורסים" האָבן זיכער געמוזט דאַן זיין נישט ווייניק אין דער יידישער געגנט פֿון אַמסטערדאַם.

אַן אַנדער טעות וואָלט געווען פֿאָרצושטעלן זיך אין גוזמאדיקן ליכט דעם אָנזען און איינפֿלוס פֿון יונגן דעספּינאָזאַ אין דער קהילה. מען איז געוואוינט, ווידער מחמת דער לאחר־המעשה־פּערספּעקטיוו, צו ריידן אין איין אָטעם וועגן דער ראָל, וואָס עס האָבן געשפּילט אין אַמסטערדאַמער געטאָ דאַקאָסטאַ און ספּינאָזאַ. דאָס

איז אָבער אַ טעות. דאַקאָסטאַ איז געקומען קיין האָ־לאַנד שוין אַ רייפער און באַרימטער מאַן. ער איז שנעל געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע אַמסטער־דאַמער יידישע פערזענלעכקייטן. דער יונגער ברוך, דאַקעגן, בטבע אַ שטילער, באַשיידענער און איינגע־שלאָסענער אין זיך, אַן גבירישקייט און אָן פריינט, האָט נישט זייער שטאַרק געדאַרפט זיך אויסטיילן צווישן דער רוישיקער און פילפאַרביקער אַמסטערדאַמער יידי־שער געזעלשאַפטלעכקייט. במילא איז די געפאַר, וואָס אַזאַ מין „אפיקורס" האָט פאָרגעשטעלט פאַר דער קהלה, אויך נישט געווען אַזאַ גרויסע.

טאָ פאַרוואָס איז פאָרט דערגאַנגען צום חרם, וועלכן ביידע צדדים, הן דער בית־דין און הן ברוך האָבן — לויט אַלע צו אונדז דערגאַנגענע ידיעות — געוואָלט פאַרמיידן ? אַ געוויסע תשובה דערויף גיט אונדז אפשר דער פריער־דערמאָנטער אויטאָפּאָרטרעט פון ספּינאָ־זאַן. ברוכס „אפיקורסות" איז געווען נישט בלויז קיין טעאָלאָגישע, נאָר אויך אַ געזעלשאַפטלעכע. ער האָט זיך פאַרמאָסטן נישט בלויז אויף אָפּגעלעבטע פילאָ־סאָפישע קאַטעגאָריעס, נאָר אויך און גלייכצייטיק אויף אָפּגעלעבטע לעבנס־פאָרמען. דער ערשטער האָט ער געוואַגט צו פאַרבינדן יידישע מיט ניט־יידישע פריי־דענקער, יידישן מיט ניט־יידישן פרייהייט־קאַמף, אויפ־רייסנדיק דערמיט די דורותדיקע יידישע אָפּגעזונדערט־קייט־טראַדיציע.

וואָלט דער יוגנטלעכער ברוך געווען נישט מער ווי אַ געטאָ־אפיקורוס, ווי פיל אַנדערע פון דער אַמ־סטערדאַמער יידישער אינטעליגענץ פון זיין צייט; וואָלט ער נישט געשטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט די פאַרשיידענע „אפיקורסישע" קריסטלעכע סעקטעס, ווי די סאָציניאַנער, די מענאָניטן, די רעמאָנטראַנטן און גאָר באַזונדערס — די קאָלעגיאַנטן („די ריינסבור־גער ברידער"); וואָלט ער נישט געשטרעבט אָנטייל צו נעמען אין דעם גרויסן אַלגעמיינעם קאַמף פאַר

פרייהייט פון געדאַנק און פאַר מענטשלעכער פרייהייט אין אַלגעמיין, — וואָלט אפשר בכלל קיין חרם־ספּי־נאָזאַ נישט געווען.

די מיטלאַלטערלעכע דילעמע „יידישקייט אָדער שמד" — האָט ספּינאָזאַ, וועלכער האָט זיך קיינמאָל פון זיין יידישקייט נישט אָפּגעזאָגט — בטל געמאַכט דורך שטעלן זיך איבערהויפּט איבער און אויסער יעדער רעליגיעזער דאָגמע. דאָס האָט געעפנט דעם וועג צום איבערגאַנג פון טראַדיציאָנעל־רבנישער געטאָ־יידיש־קייט צו מאָדערנער, וועלטלעכער יידישקייט. אין קעגנ־זאַץ צו דאַקאָסטאַן, וואָס איז טיפּיש פאַרן אָפּשלוס פון אַ געשיכטלעכער תקופה, איז ספּינאָזאַ — דער אָנהויב־בער פון אַ נייער תקופה. ער איז דער ערשטער גרוי־סער, מאָדערנער, וועלטלעכער ייד. זיין „אפּיקורסות" איז אין תוך אידענטיש מיט דער „אפּיקורסות" פון מי־ליאָנען היינטצייטיקע יידן אויף גאָר דער ערד.

איז טאַקע אַ וואונדער, וואָס די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט זיך מיט ספּינאָזאַן, מיט איינעם פון די גרונטלייגער פון מאָדערנעם יידישן געדאַנק, קיינ־מאָל נישט פאַרנומען. „וואו זיינען די ספרדישע יידן ?" האָט פּרץ געמאָנט אין זיין אַרטיקל „וואָס פעלט אונ־דזער ליטעראַטור". און אפשר האָט ער געטראַכט דער־ביי : וואו איז דער גרעסטער פון די ספרדישע יידן, וואו איז דער גאונישער, פאַרטריבענער זון פון דער אַמסטערדאַמער קהלה ?

---

„ברוך פון אַמסטערדאַם" איז, דוכט זיך, דער ערש־טער פּרואוו אַריינצופירן די ספּינאָזאַ־געשטאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור און אין יידישן טעאַטער. געשיכטלעכע דראַמע איז אָבער קודם־כל — דראַמע, און ערשט דערנאָך שוין — געשיכטע. דער היסטאָ־ריקער באַמיט זיך אויפצודעקן, באַשרייבן און פאַר־טייטשן דעם עבר. פאַרן שריפטשטעלער איז דער עבר בלויז דער הינטערגרונט, אויף וועלכן ער מוז

אויסטרוימען זיין אייגענעם טרוים.

די העלדן פון „ברוך פון אַמסטערדאַם" זיינען ניט קיין היסטאָרישע. קיין איינער פון זיי — אויסער ברוכן — האָט נישט געלעבט מיט דריי הונדערט יאָר צוריק. זיי זיינען אָבער געקנאָטן פונעם ליים פון דער דעמאָלטדיקער תקופה און באַהויכט מיטן לעבעדיקן אָטעם פון יענער צייט.

וואָס שייך ברוכן גופא, זיינען, צו זיין געשטאַלטיקונג, געניצט געוואָרן נישט בלויז די אַלע ביאָגראַפישע ידיעות, וועלכע ס'איז נאָר מעגלעך געווען צו געפינען, נאָר אויך די פאַרשיידענע שטעלן פון „טראַקטאַט וועגן רעפאָרם פון אינטעלעקט", פון „טעאָלאָגיש־פאָליטישן טראַקטאַט" און פון דער „עטיק" אין וועלכע — לויט דער איינשטימיקער מיינונג פון די ספינאָזאַ־פאָרשער — מיר האָבן אויטאָביאָגראַפישע טענער.

היסטאָרישע דראַמע, פונקט ווי היסטאָרישער ראָמאַן, מוז אָטעמען מיט דער עפּאָכע פון די העלדן, אָבער אויך מיט דער עפּאָכע פון מחבר. בלויז אינעם צונויפטרעף פון די ברען־פונקטן פון תקופות ווערט אויסגעגליט אָט־די טעמפּעראַטור, אין וועלכער עס קאָן געבוירן ווערן אַ דויערנדיק קונסט־ווערק. אויסער דער דאָזיקער טעמפּעראַטור בלייבט היסטאָרישע ליטעראַטור — היסטאָריאָגראַפיע אָדער אַרכעאָלאָגיע.

„ברוך פון אַמסטערדאַם", היסטאָרישע דראַמע, איז אויסן אויך צו זיין אַ היינטצייטיקע דראַמע. ברוך — נישט בענעדיקטוס — איז אונדזער מיטצייטלער. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און קלאַפּנדיקן האַרץ פאָלגן מיר נאָך די ערשטע, נאָך אומדרייסטע און עטוואָס־וואַקלענדיקע טריט, וואָס וועלן פירן דעם אומדערשראָקענעם דענקער צום אמת און אויך — צו איינזאַמקייט.

**ח. פלאָוועס**

פאַריז

## פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| ברוך | יעטכיע |
| מאַנועלאַ | דניאל |
| רחל | קאַטרין |
| גבריאל | נאַכטוועכטער |
| רבי יהושע | ערשטער פּרנס |
| רבי אַזאַריאַ | צווייטער פּרנס |
| ענריקעז | דריטער פּרנס |
| עוזיאל | פערטער פּרנס |
| וואַן־קיפּער | ערשטער גאַסט |
| יאָהאַנעס | צווייטער גאַסט |
| יאַן | דריטער גאַסט |

# ע ר ש ט ע ר  אַ ק ט

## בילד איינס

אַ פּלאַץ אין יאָדנבורט — די יידישע געגנט אין אַמסטערדאַם.

רעכטס — די בית־דין־שטוב, צו וועלכער עס פירן אַ דריי־פיר טרעפּלעך.

פון ביידע זייטן טרעפּלעך — אַן אָפענער גאַנעק, וואָס דינט גלייכצייטיק פאַר אַ באַנק.

פון לינקס קומען אַן, מיט אַ געזעצטן טראָט און שמועסנ־דיק געמיטלעך, פיר פּרנסים.

ערשטער פּרנס: קיין עין־הרע, סעניאָרן! קיין עין־הרע! שוין לאַנג אַזאַ בירזשע נישט געזען, ווי היינט!

צווייטער פּרנס: אַמסטערדאַם וואַקסט, מיט גאָטס הילף...

דריטער פּרנס: זעגלען אין פּאָרט — ממש נישט אָפּצוציילן! סחורות, קונים — פון ארבע פנות העולם!

צווייטער פּרנס: און אויף דער בירזשע — אונ־דזערע ברידער, ווי זאַמד אויפן ברעג פונעם ים! (זיי לאַכן צופרידן).

ערשטער פּרנס: געלויבט השם יתברך, אַן עיר ואם געוואָרן, אַמסטערדאַם!...

צווייטער פּרנס: ניי־ירושלים, אויף לאַנגע יאָרן...

דריטער פּרנס: (צום ערשטן) כ'האָב געזען, סע־ניאָר, איר האָט געהאַנדלט זיידנצייג?

ערשטער פּרנס: יאָ. אַ פּאַרטיע ווענעציאַנער

טיכער און שפּאַנישן בראָקאַט. איר וואָלט אָנגעקוקט געוועבן — בלוט און פלייש! און איר?

דריטער פּרנס: אַ שיף תּבואה געמסחרט. געלויבט דער אויבערשטער, ניט שלעכט געקויפט.

צווייטער פּרנס: מען קאָן לעבן אין אַמסטערדאַם! דאַנקען גאָט, מען קאָן לעבן!...

(דער ערשטער און צווייטער פּרנס גייען אַריין אין בית־דין־שטוב, דער דריטער פּרנס, נאָך זיי, גייט אַרויף אויף די טרעפּלעך. דער פערטער פּרנס, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, נעמט אים אָן פאַרן אָרעם).

פערטער פּרנס: איין רגע, סעניאָר!

דריטער פּרנס: בית־דין וואַרט!

פערטער פּרנס: בלויז איין רגע. (ער פירט אים אָפּ אין אַ זייט, און שטילער) סעניאָר, מיכאַעל איז די נאַכט מיר געקומען צו חלום.

דריטער פּרנס: מיכאַעל?!

פערטער פּרנס: מיכאַעל דעספּינאָזאַ, עליו השלום. ער איז אַריין צו מיר, ווי לעבעדיק, לאַנג געשטאַנען, אָן אַ וואָרט, בלויז טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און טרערן האָבן אָן אויפהער זיך געגאָסן פון די אויגן זיינע. לסוף האָט ער אַרויסגעמורמלט, אָבער אַזוי שטיל, קוים צו דערהערן: יצחק, האָב רחמנות אויף מיין קינד, האָב רחמנות אויף מיין קדיש!

דריטער פּרנס: (שאַרף, מיט שנאה) ברוך האָט אפילו קיין קדיש ניט געזאָגט נאָכן פאָטער!

פערטער פּרנס: ער האָט יאָ געזאָגט, סעניאָר! נישט קיין גאַנץ יאָר אפשר, נישט אַלע טאָג, אָבער קדיש געזאָגט האָט ער יאָ, און מיכאַעל האָט אַזוי זיך געבעטן: האָב רחמנות אויף מיין קינד, יצחק!

דריטער פּרנס: מיכאַעל, עליו השלום, איז געווען אַן ערלעכער מאַן און אַן ערלעכער ייד.

פערטער פּרנס: קומט אים טאַקע נישט אַזאַ בושה אין קבר.

דריטער פּרנס: ווער איז דען שולדיק, סעניאָר?! מיר אפשר?! מיר זיינען פּרנסים פון דער קהילה־אַמסטערדאַם! אויך מיכאַעל איז אַ פּרנס געווען! אויף אונדזער אָרט, וואָלט ער ניט אַנדערש געטאָן! רחמנות האָבן דאַרף מען קודם אויפן כּלל, סעניאָר!

פערטער פּרנס: ברוך איז נאָך אַזוי יונג!

דריטער פּרנס: אָבער גענוג רשעות אָפּגעטאָן — איבערגענוג שוין — פאַר זיין עלטער!

פערטער פּרנס: ער קאָן זיך נאָך אַרומזען, חרטה האָבן...

דריטער פּרנס: האָט מען אים דען נישט וויפל מאָל געוואָרנט, געבעטן זיך ביי אים? ניין, סעניאָר, בית־דין איז גערעכט. דער כּוס איז איבערפולט. וואַרטן — אויף וואָס?! דאָס פייער זאָל, חלילה, זיך פאַר־שפרייטן, די קהלה־אַמסטערדאַם זאָל ווערן אַ נעסט פון אפיקורסות, פון גאָט־לעסטערונג?! אַז נישט דערלעבן וועלן עס די שונאים! צוויי דורות, סעניאָר, צוויי דורות האָבן געבויט אונדזער ניי־ירושלים, געבויט מיט טרערן פון פרייד, מיט יראת־שמים! וועלן מיר דערלאָזן, אַז דער גיהינום־פלאַם זאָל אַלץ פאַרצערן?!

פערטער פּרנס: עס זיינען פאַראַן שטראָפן, וואָס זיינען גרויזאַמער ווי די באַאַנגעגענע זינד, גרויזאַמער נישט בלויז פאַרן באַשטראָפטן, נאָר אויך פאַר די שטראָפער. ווי ווייט איז פון חרם ביז טויט?! דער־מאָנט זיך — דאַקאָסטאַ!...

דריטער פּרנס: ער איז ערגער פאַר דאַקאָסטאַן, ימח שמו! טויזנטער מאָל ערגער! יענער איז כאָטש געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין דער אמונה פון אונדזערע שונאים, דעם סם פון גלחות האָט ער איינ־געזאַפּט אין זיך בייזאַם מיטן מילך פון דער אַם!

אָבער ברוך?! אַ קינד פון דער קהילה־קדושה־אַמ־סטערדאַם, אַ זון פון אַ פּרנס, אויפגעצויגן אין גאָטס־פאַרכטיקייט! פון קליינווייז אָן די הייליקע תורה גע־לערנט, שפּעטער גמרא, ביי אונדזערע רבנים און חכמים, און באַלד אַליין פריי אַרומגעשוואומען אין די טיפסטע וואַסערן פון תלמוד, אַז ס׳איז נישט געבליבן פאַר אים קיין שום פאַרבאָרגענע זאַכן אין אונדזערע הייליקע ספרים!

פערטער פּרנס: מיכאַעל האָט געהאַפּט אויף נחת פון זיין זון. ס׳וואַקסט אַ גדול בישראל, פלעגט ער מיר אָפט זאָגן מיט שמחה. גוט, וואָס די אויגן זיינע זעען עס כאָטש נישט צו!

דריטער פּרנס: און די רבנים אַליין זיינען דען ניט שולדיק?! געהאַלטן דעם יונג אין איין לויבן, שבחים געטיילט בפרהסיא: — די צירונג פון אַמ־סטערדאַם וועט ער זיין. האַ־האַ, די צירונג פון אַמ־סטערדאַם!... — ביז מען האָט פון אים געמאַכט אַ חצוף, אַן עזות־פּנים!...

פערטער פּרנס: ניין, סעניאָר, למען האמת: ער איז נישט קיין חצוף, נישט קיין עזות־פּנים!

דריטער פּרנס: די פריינטשאַפט צו מיכאַעלן, עליו השלום, פאַרבלענדט אייך. ברוכס עניוות איז אַ פאַלשע. דאָס איז דער פרומער אָנשטעל פון דאָמי־ניקאָנער מאָנאַך, וואָס וויל געווינען אייער צוטרוי, כדי באַלד לייכטער אייך צו וואַרפן אויפן שייטער־הויפן. דאָס איז צביעות, סעניאָר! צביעות און שקר! און פּחדנות אויך! האָט ער דען געהאַט מוט, דער יונג, זיך אָפן מודה צו זיין, ווען בית־דין האָט אים צום ערשטן מאָל גערופן?! ער האָט געלייקנט! געלייקנט שטיין און ביין! ביז מען האָט מיט עדות אים אויפגע־וויזן, אַז ער זאָגט ליגן, ערשט דאַן האָט ער זיך מודה געווען! און אויך — געהאַט די חוצפּה צו טענהן, אַז ער פילט זיך ניט שולדיק!...

פערטער פרנס: ער הערט נישט אויף עס צו שרייען!

דריטער פרנס: ניט שולדיק! ער לעסטערט אַלץ, וואָס אונדז איז הייליק, אַלץ וואָס איז אונדז טייערער נאָך ווי דאָס לעבן גופא, ער גראָבט אונטער די יסודות פון אונדזער אמונה — און איז נאָך ניט שולדיק! ער האָט פאַרלאָזן אַלע זיינע פריינט פון יאָדנבורט און חברט זיך רק מיט גויים, בפרהסיא, אָן קיין שום חרפה — און איז נאָך ניט שולדיק! אַ שלאַנג, סעניאָר, אַ גיפ־טיקע שלאַנג האָבן מיר אויפגעהאָדעוועט אויף אונדזער ברוסט! און איצט, פאַר אַ דאַנק, נעמט זי זיך בייסן און וויל אַריינגיסן איר סם אין גוף ביי אונדז און אין דער נשמה. אַזאַ שלאַנג דאַרף מען אַראָפּוואַרפן פון זיך, סעניאָר, און זי צעטרעטן מיט די פיס! זאָל ער גיין, דער יונג, אין גיהינום, פון וואַנען ער איז — צו אונדזער שאַנד! — אויף דער וועלט געקומען! מי־כאַעל אַליין וואָלט געזתמעט דעם חרם אויף זיין זון! קומט, סעניאָר! ס'איז דאָ אַ הסכם פון גאַנץ בית־דין.

פערטער פרנס: גאַנץ בית־דין?! נו, און רבי יהושע?!... (דער דריטער פרנס ענטפערט נישט, ציט מיט די אַקסלען) אַזעלכע תלמידי־חכמים, ווי רבי יהושע, זיינען נישט פאַראַן קיין סך אין אונדזער דור!

דריטער פרנס: איך לייקן נישט, חלילה. רבי יהושע איז אַ גדול בתורה. אָבער ברוך איז יאָרן־לאַנג געווען זיין ליבלינג, דער בעסטער תלמיד זיינער, און אויך, אַז אָך און ווי — כמעט אַן אייגענער, דער חתן פון אַן אייניקל...

פערטער פרנס: גייט עס טאַקע אויך וועגן אַ יידישער טאָכטער, אַ יתומה...

דריטער פרנס: רבי יהושע האָט לאַנג שוין די תנאים אָפּגעשיקט, נאָך ווען מיכאַעל האָט געלעבט!

פערטער פרנס: מען שמועסט אָבער, חתן־כלה

טרעפן זיך ווייטער באַהאַלטענערהייט...

**דריטער פּרנס:** הייסט עס, ער פֿאַרפירט נאָך אַ יתומה אויך?! מאַכט אומגליקלעך אַן אומשולדיק יידיש קינד?! גלויבט מיר, סעניאָר, וואָס פריער מיר וועלן אים פֿאַרטרייבן, אַלץ געזינטער וועט זיין!

(די טיר פון בית־דין שטוב עפנט זיך און ס'קומט אַרויס ענריקעז, דער בית־דין־שמש)

**ענריקעז:** (מיט אַ פֿאַרנויג) קהל וואַרט, סעניאָרן! בית־דין וואַרט!

**דריטער פּרנס:** מיר גייען. (גייט אַרויף אין בית־דין־שטוב, דער פערטער פּרנס — נאָך אים; ביידע פֿאַרשווינדן).

**ענריקעז:** (אַליין; גייט פּאַמעלעך אַראָפּ פון די טרעפּלעך) נו, אַ וועלט, אַ וועלט געוואָרן!... מיכאַעל דעספּינאָזאָס זון!... דוכט זיך, אַזאַ וואויל יינגל געווען — שטיל און גוט און אַ מתמיד און אַ בעל־דרך־ארץ!... היינט גיי פֿאַרשטיי!... (ער זעצט זיך, טראַכט אַ ווײַלע, שאָקלט מיטן קאָפּ) צוריק גערעדט, אַפּגעהיט זאָל מען ווערן פֿאַר אומגערעכטיקייט!... איידער צו זיין אַן אָרע־מאַן, איז גלייכער שוין טאָקע אינגאַנצן נישט געבוירן ווערן! אמת מען פרעגט ניט ביי קיינעם קיין דעה, צי יאָ קומען אויף דער וועלט, אָדער נישט... (קרעכצט) כ'וואָלט, אדרבא, אַ בעלן געווען צו וויסן, צי מען וואָלט עס געמאַכט אַזאַ רעש וועגן חפץ פון סעניאָר לעאָן דע פּינעדאָ, אָדער גאָר וועגן סעניאָר אַבּרבנלס תכשי־טים... אַי, רבונו דעלמא, שוין צייט משיח זאָל קומען, שוין די העכסטע צייט!... (באַמערקט עפּעס פלוצלונג הינטער דער בינע, רעכטס, און צעשרייט זיך) דניאל!... דניאל!... שוין זאָלסטו מיר אַהער גיין!... הערסט?! (הויבט זיך אויף, גייט שנעל אַרויס און קומט באַלד צוריק, פירנדיק פֿאַרן אויער אַ בלייך יינגל פון אַ יאָר צען — זיין איינקל דניאל).

ענריקעז: כ׳וועל דערציילן דעם טאַטן, דניאל, געדענק!... כ׳וועל דערציילן!... אַנשטאָט צו זיצן און לערנען, ווי עס באַדאַרף צו זיין, לויפסטו גאָר אַרום צו אַלדי גוטע יאָר!

דניאל: כ׳בין אַרויס אויף איין ווײַלע, זיידע, אויף מיין נאמנות!... האָב איך געוואָלט שוין דעם זיידן גוט־מאָרגן־ביטן...

ענריקעז: (לאַכנדיק) אַן איינפאַל אַביסל — גוט־מאָרגן־ביטן!... נו, גוט־מאָרגן, גוט־יאָר! פאַרטיק! קאָנסט שוין איצט לויפן געזונטינקערהייט צוריק אין חדר.

דניאל: זיידע... (ער שלאָגט זיך אַ ווײַלע מיט דער זעה) ס׳איז אמת — מען משפט איצט ברוכן אין בית־דין־הויז?...

ענריקעז: האַ?!.. פון וואַנען ווייסטו עס?!...

דניאל: די יינגלעך זאָגן...

ענריקעז: אַהאַ, איצט זע איך שוין, וואָס דאָ איז פאַר אַ גוט־מאָרגן־ביטן!... מען האָט דיך געשיקט אַהער אויסצושפּירן, דניאל!... מען האָט דיך געמאַכט פאַר אַ מרגל, דניאל!... די חברים דיינע האָבן דיר געזאָגט: כאַפּ זיך אָקאָרשט צו צום זיידן דיינעם און דערוויס זיך, ווי עס האַלט!... און דו ביסט ב׳ט פויל און דו פאָלגסט!... איז עס אַזוי, יאָ, צי ניין?!... קוק מיר אָבער גלייך אין די אויגן!...

דניאל: (קוקט אים אין די אויגן), יאָ, זיידע, ס׳איז טאַקע אַזוי...

ענריקעז: אַי, דניאל, דניאל!... אַ גמרא־בחור נאָך!... באַלד צען יאָר, קיין עין־הרע, און איז מבטל פון דער תורה!...

דניאל: (מיט טיפן ערנסט) זיידע, ס׳איז אמת — ברוך זאָגט, אַז די הייליקע תורה איז אין די הענט פון די סעניאָרן רבנים, ווי אַ וואַקסענע נאָז, וואָס

מען קאָן זי דרייען אין אַלע זייטן ?... (ער נעמט אָן זיין נאָז מיט צוויי פינגער און דרייט זי פּאַמעלעך).

ענריקעז: רחמנא ליצלן !... וואָס ?!... ווי האָסטו געזאָגט ?!... און לאָז נאָר צורו די נאָז דיינע !...
(דניאל פאָלגט תיכף) ווער האָט עס פאַר דיר גערעדט אַזעלכע רייד ?!... תיכף זאָלסטו זיך מיר מודה זיין, הערסט, דניאל ?!...

דניאל: (דערשראָקן) אַלע יינגלעך, זיידע !... די בחורים פון ישיבה אויך... זיי לאַכן... איך בין ניט שולדיק !...

ענריקעז: גאָט זאָל זיך מרחם זיין !... חלול־השם !... פון דיין מויל זאָל מער אַזעלכעס נישט אַרויס, הערסט ?!... קום נאָר אַהער !... (ער ציט אים צו נעענ־טער צו זיך) געדענק, דניאל, דו זאָלסט מיר זיין אַן ערלעכער און פרומער ייד !... געדענק, וואָס איך זאָג דיר אָן... (שטילער) און וועגן די סעניאָרן רבנים זאָל־סטו נישט דערוועגן זיך אַ וואָרט אַרויסצוברענגען — דיין זיידע איז נישט קיין פרנס, נאָר אַ בית־דין־שמש — הערסט, דניאל ?! און דיין טאַטע איז נישט קיין גבאי, נאָר אַ יגיע־כפּיים, נעבעך — הערסט דניאל ?! הערסט, וואָס איך רייד צו דיר ?!...

דניאל: איך הער, זיידע, אַוודאי הער איך !

ענריקעז: אַ וואַקסענע נאָז !... רבונו של עולם — כלו כל הקצין !... משיח־צייטן !... בלינדע אפילו קאָנען שוין איצט זען, אַז משיח איז נאָענט !... טויבע קאָנען הערן, ווי ער קלאַפּט אין די טירן !... און דו, דאַנקען גאָט, ביסט נישט בלינד און נישט טויב !...
(ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויפגערעגט) זאָג מיר נאָר, קאָפּ־מענטש מיינער, אמת, דו פאַרנעמסט זיך טאַקע אַזוי מיט וואַקסענע נעזער — אָבער וואָס פאַר אַ יאָר היינט איז, ווייסטו ?!

דניאל: וואָס פאַר אַ יאָר ?... געוויס ווייס איך,

זיידע !... עס איז דאָס יאָר 1656 !...

ענריקעז: געלויבט דער אויבערשטער, אָבי דו ווייסט !... דאָס ערשטע לייטיש וואָרט, וואָס איך הער היינט פון דיר !... 1656 !... דאַרף מען האַלטן קאָפּ, דניאל !... אָנשטעלן אויג־און־אויער !... ווייל ער דער־נעענטערט זיך, ער דערנענטערט זיך, משיח !... נו, גיי, בטל נישט מער קיין צייט !... און דערוועג זיך נישט קומען אַהער מיר גוט־מאָרגן־ביטן, הערסט ? !... (ער דרייט אים לייכט פאַרן אויער און לאָזט אים אָפּ; דאָס יינגל אַנטלויפט, ווי אַ פייל פונעם בויגן; ענריקעז בלייבט אַליין, שמייכלט, שאָקלט מיטן קאָפּ) אַ וואַק־סענע נאָז !... אַי, טאַטע־פאָטער !...

(עס קומט אַריין דער האָלענדישער זשאַנדאַרם וואַן־קיפּער).

וואַן־קיפּער: (פון וויטן נאָך, פריינטלעך) מינ־הער ענריקעז !...

ענריקעז: (גייט אים אַנטקעגן) מינהער וואַן־קיפּער !... אַ גאַסט, אַ גאַסט !... (זיי באַגריסן זיך) שוין לאַנג נישט געווען אין אונדזערע מקומות !...

וואַן־קיפּער: נישט אויסגעקומען אַלץ. ווי גייט׳ס, ענריקעז ?... נאָך אַלץ זשאַנדאַרם ביי די מינהערן רבנים ? !...

ענריקעז: (לאַכט) אָט ווי איר זעט !... און איר ?...

וואַן־קיפּער: ווי געוויינלעך — זשאַנדאַרם ביי די מינהערן רעגענטן פון שטאָט אַמסטערדאַם !... נישט פאַר אונדזערע יאָרן, אַרויפּצוציען אַ נייע הויט אויף זיך ! אַביסל שפּעט שוין !... קאָלעגן זיינען מיר געווען און קאָלעגן וועלן מיר אַזוי מסתמא פאַרבלייבן ביזן סוף !... (ער לאַכט) איך ברענג אַ בריוו צו אייער הויפּט־רבי, מינהער מאָרטיירא, פונעם שטאָט־ראַט. באַפוילן: איבערגעבן מינהער מאָרטייראָ אין די הענט און וואַרטן אויף אַ תשובה.

ענריקעז: רבי מאָרטיירא איז איצט פאַרנומען.

וואַן קיפּער: נו, מילא, מיר וויסן דאָך ביידע פון סוד: אַ זשאַנדאַרם האָט שטענדיק צייט... (ער זעצט זיך, ענריקעז נעבן אים) אָט אַ היץ!... (ער ווישט זיך דעם שווייס) זאָגט מיר, ענריקעז, אין שטאָט האַלט מען אין איין שמועסן וועגן משיח אייערן... ס'איז טאַקע אמת — ער קומט אינגיכן ?!...

ענריקעז: אמת!... מען ווייסט אפילו געגנוי שוין, ווען ער קומט!... אינעם יאָר פון די דריי זעקסן!... אין 1666!...

וואַן־קיפּער: אַזוי ?!... הערט אַ מעשה!... און ווי־דער, (טראַכט אַ ווײַלע) ס'לייגט זיך טאַקע אויפן שכל!... די הייליקע עוואַנגעליע זאָגט: „און זיין צאָל איז זעקס הונדערט זעקס און זעכציק...“

ענריקעז: אָט־אָט!... פּונקט אין צען יאָר אַרום!... שוין נעענטער ווי ווייטער, וואָס ?! (ער לאַכט) קאָנט איר טאַקע זאָגן דעם ידיד אייערן, ענריקעזן (ווייזט אויף זיך), אַז אויב ער וויל דערלעבן צו שופר של משיח, דאַרף ער זען דערשלעפּן דאָס אַלטע זעקל ביינער נאָך צען יאָר צייט!... אלא, ווען נישט, וועט ער, זאָל ער מיר מוחל זיין, שטאַרבן ווי אַ נאַר!... (לאַכט) אמת, אַז משיח וועט קומען, וועט מען אויפשטיין תחית־המתים. איז אָבער, ראשית, גלייכער צו פאַרשפּאָרן זיך איבעריקע טרחה... והשנית, איז'ס אפשר זיכערער אויך — ווי מיינט איר ?!... (זיי לאַכן ביידע) און צען יאָר לעבן — וואָס איז צען יאָר ביים רבונו של עולם ?!... אפילו נישט קיין פּינטל מיטן אויג!... (געלעכטער).

וואַן־קיפּער: אָט דאָס הייסט אַ בשורה!... (ער קלאַפּט אים גוט־ברודעריש אין פּלייצע) ס'טוט מיר הנאה פאַר אייך, ענריקעז, ס'טוט מיר העכסט הנאה, ווי איר זעט מיך לעבן!... אין צען יאָר אַרום, ווי נאָר אייער משיח טוט קומען, הויבט זיך אָן דאָס אמתע הימלישע קיניגרייך אויף דער ערד, און דאָס הייסט, אַז אַלע מענטשן — און די ידן אין דער ערשטער ריי

— וועלן זיך באַקערן צום קריסטלעכן גלויבן!...

ענריקעז: (דערשטוינט) האַ?!...

וואַן־קיפּער: זיכער, וואָס זיכער הייסט!...

ענריקעז: (אַביסל פאַרלוירן) חלילה, חלילה! נעמט נישט פאַר אומגוט, אָבער עפּעס שטימט דאָ נישט אין חשבון... (און שוין זיכערער, מיט אַ שמייכל) ס׳קאָן נישט זיין, וואַן־קיפּער!... איר זייט זיך טועה!

וואַן־קיפּער: (אומצופרידן) איך בין זיך טועה?!

ענריקעז: זעט, אדרבא, אַליין: אויב ס׳וואָלט געווען באַשערט, אַז יידן זאָלן זיך שמדן, טאָ צו וואָס וואָלט מען געדאַרפט דאָס לאַנגע וואַרטן, איך בעט אייך זייער — גאַנצע טויזנט זעקס הונדערט זעקס און זעכציק יאָר?! וואָלט דאָך שוין גלייכער געווען אָפּצוטובלען זיך באַצייטנס, ביים סאַמע אָנהויב, כ׳מיין — מיט אייער ישו אינאיינעם?!...

וואַן־קיפּער: אַוודאי וואָלט גלייכער געווען!... גלייכער פאַר אייך און גלייכער פאַר דער גאַנצער וועלט, איר מעגט מיר זיכער טרויען!

ענריקעז: איז עס אָבער נישט געטאָן געוואָרן, וואַן־קיפּער! און פאַרוואָס, מיינט איר? סתם אַזוי?! ניין!... ווייל דער אויבערשטער האָט עס נישט גע־וואָלט! און ער וויל עס איצטער אויך נישט, וואַן־קיפּער!... והראיה — אָט זיינען מיר דאָך, קיין עין־הרע, אַלץ דאָ, מיט אונדזער קהל, מיט די סעניאָרן רבנים און דיינים אונדזערע! איז אַ סימן, מיין פריינט, אַז איינס פון די ביידע: אָדער, אַז משיח וועט קומען, וועט קיין שום שמד נישט זיין, און יידן וועלן, אם ירצה השם, בלייבן יידן עד סוף העולם, אָדער, חס וחלילה, דער משיח וועט קיין משיח נישט זיין — ס׳הייסט, נישט דער אמתער משיח!...

וואַן־קיפּער: (שוין אויפגעבראַכט) פּאַוואָליע, פּאַ־וואָליע, ענריקעז!... נישט דער אמתער משיח?! וואָס

דען הייסט עס — אַ פֿאַלשער משיח אפשר ?!... די הייליקע עוואַנגעליע זאָגט יאָ, קומט איר זאָגן ניין ?!... איר פֿאַרגעסט, אַפּנים, גוטער ברודער, אַז איין מאָל האָט איר שוין געמאַכט אַזאַ מין קונץ: באַשולדיקט אין פֿאַלשע נביאות עמיצן, וואָס איז... וואָס פֿאַרנעמט אַ גאַר הויכגעשטעלטן פּלאַץ אָט דאָרטן... (ער ווייזט אויפֿן הימל, שמייכלט) און מיט וואָס דאָס האָט זיך פֿאַרענדיקט, ווייסט איר שוין אַליין... עפּעס קלויבט איר זיך מיר איבערחזרן די זעלבע שפּיל, האַ ?!

ענריקעז: גאָט באַהיט!... איר קאָנט זיין אינ־גאַנצן רואיק, וואַן־קיפּער!... די זאַך איז דאָך, פֿאַר־שטייט מיך, אַזאַ: אייער משיח איז דאָך שוין לאַנג געקו־מען, נישט אמת ?! גייט עס דאָך איצטער אין אונדזער גואל ?! אוי, גאָטעניו, דאַרפֿן מיר אים, ממש נויטיק, ווי דאָס לעבן!... אָבער—לויט אונדזער געשמאַק!... און אויב חלילה, ער זאָל זיך דווקא וועלן פֿאַרעקשנען, אַז, איר פֿאַרשטייט, יענע מעשה, איז — מוחל! זאָל ער בע־סער זיצן זיך דערווייל געזונטערהייט פֿון וואַנען ער דאַרף קומען!... ס'איז נישט קיין געאייל!... יידן זיינען געוואוינט צו וואַרטן, וועט מען וואַרטן נאָך אַביסל!...

וואַן־קיפּער: הם!... (טראַכט אַ ווײַלע, צעלאַכט זיך הילכיק) אַי, ענריקעז, ענריקעז!... ווייסט אייך דאָרט דער גוטער יאָר. עפּעס הויבט איר מיר אָןריידן גאָר ווי אַן אפּיקורס. (ער לאַכט, ווערט פּלוצלונג ערנסט, קוקט אָן ענריקעזן שאַרף און פֿאַרשנדיק) ביי גאָט, דאָס זייט איר אפשר, האַ ?!...

ענריקעז: איך ?!... וואָס איך ?!...

וואַן־קיפּער: דער אפּיקורס!

ענריקעז: וועלכער אפּיקורס ?!...

וואַן־קיפּער: מען ווייסט, ענריקעז, מען ווייסט!... ביי אייך אין יאָדנבורט גייען אויך אום אפּיקורסים!... אָט דאָ אין בריוו — איר זעט ?... (ער ווייזט דעם בריוו)

**אַט דאָ רעדט זיך טאַקע וועגן אַפּיקורסים אײַערע !...**

ענריקעז: **אין בריוו פון שטאָט־ראַט ?!...**

וואַן־קיפּער: **יאָ, ענריקעז !...**

ענריקעז: **דער קריסטלעכער שטאָט־ראַט פון אַמ־סטערדאַם קימערט זיך וועגן יידישע אַפּיקורסים ?!**

וואַן־קיפּער: **ווי ס׳איז פאַראַן אַ גאָט אין הימל !...**

ענריקעז: (אַ ווײַלע ווי געפּלעפּט) **וואָס האָב איך איך געזאָגט, וואַן־קיפּער: משיח־צײַטן! אַ בלינדער קאָן שוין זען — ס׳איז משיח־צײַטן !...**

וואַן־קיפּער: (מיט טריאומף) **אַהאַ, הייסט עס, איר זײַט מסכים מיט דער הייליקער עוואַנגעליע !**

ענריקעז: **מסכים — וואָס הייסט מסכים ?!... אַז משיח זאָל קומען אין צען יאָר אַרום ?... כ׳מיין — איך קאָן באַשטיין אויף פריער אויך !... אָבער** (ער לאַכט) **וואָס שייך... יענע זאַך — לאָ !... שלאָגט זיך עס אַרויס פון קאָפּ, וואַן־קיפּער !... דאָס טויף־וואַסער זײַנען מיר אײַך מוחל !... מוחל, וואַן קיפּער !... במחילה גמורה — מוחל !...**

פאָרהאַנג

## בילד צוויי

ביי מאַנועלאַן. אַ באַשיידענער צימער. אַ סך ביכער. אַפּטישע אינסטרומענטן. מאַנועלאַ, אַ פרוי אין די הויכע זעכ־ציקער, מיט נישט־פאַרוועלקטע סימנים פון גרויסער שיינקייט, שטייט ביי דער טיר, וואָס איז צעעפנט, און שרייט אַרויס צו עמעצן.

מאַנועלאַ: און דיין פוס זאָל דאָ מער ניט שטיין, הערסט?! מיין הויז איז זיין הויז!... ער וועט דאָ וואוינען אַזוי לאַנג, ווי ער וועט וועלן! נישט דו וועסט מיך לערנען! איך בין מאַנועלאַ!... מאַנועלאַ אַליווייראַ דע גאַמעץ!... ברוך איז מיין בלוט!... און ער האָט מער קיינעם נישט אויף דער וועלט!... ווייל איידער אַזאַ שוועסטער, ווי דו, איז שוין גלייכער — אַ שטיין!... (זי פאַרקלאַפּט ראַשיק די טיר, מורמלט) קליינינקע נשמות, איינגעשרומפּענע, פאַרדאַרטע, ווי אַלטע סקאַ־רינקעס!... זי ציטערט, אַ קונה זאָל איר אַמאָל נישט אָפּקומען צוליב ברוכן... זי קאָן זיך ניט שענקען, אַז זי וועט צוליבן ברודער פאַרלירן די קלענסטע קו־פּערנע מטבע... און דער שוואָגערל קאַסערעס ציטערט פאַר זיין כסא־הרבנות, פאַר די פּרנסים... (זי לאַכט מיט חוזק, קוקט זיך אַרום, איר בליק פאַלט אויף אַ געמאָלטן פּאָרטרעט, וואָס הענגט אויף דער וואַנט; זי גייט צו נעענטער, באַטראַכט אים אַ ווײַלע, מורמלט) וואָס זי קאָן אויסטראַכטן — אַ רויבער!... מרשעת!... (עמיצער, הינטער דער בינע, וויל עפענען די טיר; מאַנועלאַ לאָזט זיך לויפן מיט רציחה) וואָס איז ווי־דער?!... כ'האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט, זאָלסט זיך נישט דערוועגן!... (זי רייסט אויף די טיר; ס'באַווייזט זיך אַ יונג מיידל, וואָס שטייט צעשראָקן; מאַנועלאַ קוקט

זי אַן אַ רגע, דערשטוינט, כאַפּט זי באַלד אַרום און דריקט צו צו זיך) רחל ?!... דו גאָר, טייבעלע מיינס ?!... זיי מיר מוחל, קינד !... כ'האָב געמיינט, ס'איז די מרשעת רעבעקאַ... נאָר וואָס זי אַרויסגעוואָרפן... נו, קום, קום אַריין !... (זי פאַרמאַכט הינטער איר די טיר; רחל הויבט אָן צו וויינען) און אָן טרערן, טייבעלע מיינס !... אָן טרערן, איך בעט דיך !...

רחל: (וויינענדיק) סעניאָראַ... סעניאָראַ מאַנו־עלאַ...

מאַנועלאַ: (שטרענג) נו, הער אויף צו וויינען, זאָג איך דיר !... וואָס האָט איר אַלע דאָ פאַר אַ מידה אַזוי פיל טרערן צו פאַרגיסן ?!...

רחל: איבערמאַרגן, סעניאָראַ... איבערמאָרגן... (קאָן נישט פאַרענדיקן).

מאַנועלאַ: וואָס, איבערמאָרגן ?!... רייד !...

רחל: דער חרם !... דער חרם, סעניאָראַ !...

מאַנועלאַ: אַז נישט דערלעבן וועלן עס אונ־דזערע שונאים !... נישט איין איבערמאָרגן געווען שוין באַשטימט, האָרץ מיינס !... האָסט פאַרגעסן ?!

רחל: דאָס מאָל... ענדגילטיק... גאַנץ בית־דין און אַלע פּרנסים... צוזאַמען באַשלאָסן...

מאַנועלאַ: מען האָט בטל געמאַכט נישט איין באשלוס שוין !... נו, גענוג געוויינט ! דו קאָנסט רק וויינען, טייבעלע מיינס. דאָס איז נישט קיין קונץ ! אַז מען האָט ברוכן גערופן צום בית־דין — האָסטו געוויינט. אַז דיין זיידע האָט ברוכן אָפּגעשיקט די תנאים — האָסטו ווידער געוויינט... געוויינט און אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ.

רחל: וואָס האָב איך דען געקאָנט טאָן, סעניאָראַ ?!

מאַנועלאַ: וואָס דו האָסט געקאָנט טאָן ? (זי לאַכט, קוקט אויף רחלען מיט ביטול און רחמנות גלייכ־צייטיק) דער גוטער יאָר ווייסט איך, סאַראַ דור איר

זייט דאָ אויפגעוואַקסן, אין דעם נידערלאַנד!... וואָס אייגנטלעך פליסט ביי אייך אין די אָדערן — זאָג — רויט בלוט, אָדער מוטנע וואַסער פונעם אַמסטל־טייך?!
וואָס דו האָסט געקאָנט טאָן!... ווען עס טרעפט אויף מיר — קוק מיך אָן, האַרץ מיינס! — איך וואָלט געוואוסט שוין וואָס צו טאָן!... ביז בלוט וואָלט איך זיך גשלאָגן, אַ וועלט איבערגעקערט — און כ׳וואָלט אויסגעפירט מיינס!

רחל: העלפט אונדז, סעניאָראַ!... אויב ס׳זאָל, חלילה, דערגיין צום חרם, וועל איך עס נישט איבערלעבן!...

מאַנועלאַ: נאַרישקייטן!... ס׳רעדט זיך אַזוי לייכט — נישט איבערלעבן!... ס׳איז נישט אַזוי פּשוט! מען זאָגט, דער מענטש איז די קרוין פון דער באַשאַפונג. ווייסט פאַרוואָס? ווייל קיין שום לעבעדיקער נפש קאָן נישט אַריבערטראָגן אַזוי פיל, וויפל עס פאַרטראָגט דער מענטש. אָט, נעם מיך אַשטייגער: וויפל האָב איך שוין, אין מיין לעבן, נישט דורכגעמאַכט, וואָס נישט צוגעזען — טויט, יסורים, פאַרצווייפלונג, אַנטוישונג! וויפל מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן — אַן עק, מער ליידן איז נישט מעגלעך, דאָס האַרץ וועט מער נישט אויסהאַלטן!... און דו זעסט — ס׳האַלט אויס! (פויזע; זי בייט דעם טאָן) וואָס איז דאָרט געווען ביי זיי, אויף דער אסיפה? דער זיידע האָט דיר עפּעס דערציילט?

רחל: מען האָט... ווידער עדות געזאָגט...

מאַנועלאַ: ווער — מען?!

רחל: (שטיל) גבריאל.

מאַנועלאַ: גבריאל!... (קוקט זי אָן אַ ווײַלע) ס׳איז אמת, ער קומט לעצטנס אָפט צו דיר, גבריאל?...

רחל: נישט צו מיר, סעניאָראַ!... איך שווער אייך!... צום זיידן!... (און שטילער) וועגן קבלה־ענינים...

מאַנועלאַ: (שאָקלט מיטן קאָפּ) זאָל זיין — צו דיין זיידן!... און נאָך וועגן קבלה!... (ציט מיט די אַקסלען) וואָס האָט ער דאָרט ווייטער געמסרט?

רחל: אַלץ דאָס זעלבע. אַז ברוך חברט זיך כסדר מער מיט קריסטן, אַז ער זאָגט — מלאכים זיינען אַן אויסטראַכטעניש, קיין יענע וועלט איז נישט פאַראַן...

מאַנועלאַ: משוגע, משוגע זיינען זיי אַלע!... מלאכים, יענע וועלט — צוליב דעם גייט מען אַריינוואַרפן אַ מענטשן אין חרם!... און ברוך אויך איז נישט ביים גאַנצן זינען! וואָס פאַר אַ חילוק איז אים, צי ס'זיינען יאָ דאָ מלאכים, צי נישט, צי ס'איז פאַראַן אַ יענע וועלט, צי נישט?!... רייד, רייד, פוסטע רייד!... פאַרשפּילן אַ לעבן צוליב רייד!... אין מיינע צייטן, ביי אונדז, אַז מען פלעגט שטעלן דאָס לעבן אין קאָן, האָט מען כאָטש געוואוסט פאַר וואָס — פאַר ערע, פאַר ליבע, (שטילער, פאַרטרוימט) פאַרן בליק פון אַ פרוי... (פויזע) און דאָ — צוליב ווערטער!... פאַרוואָס פירט מען אַזוי פיל וויכוחים, אין אייער אַמסטערדאַם?! וואָס פאַר אַ משוגענע איינגעליבטקייט האָבן זיי דאָ אַלע — אין רייד?!... (זי צעלאַכט זיך מיט חוזק, בלייבט אַ ווײַלע שטיל) וואָס האָבן זיי דאָרט באַשלאָסן, אויף דער אסיפה?

רחל: אויב ברוך וועט ניט תשובה טאָן, אויב ער וועט, פאַר גאַנץ קהל, נישט אָפּרופן ביז איבערמאָרגן...

מאַנועלאַ: ער וועט אָפּרופן!... דו מוזט זען, ער זאָל עס טאָן!

רחל: איך, סעניאָראַ?!

מאַנועלאַ: דו, טייבעלע מיינס, דו!... נישטאָ אַזוינס אויף דער וועלט, וואָס אַ יונגפרוי זאָל נישט קאָנען פועלן ביי דעם, וואָס האָט זי ליב!

רחל: סעניאָראַ מאַנועלאַ, איך ווייס נישט, צי ברוך ליבט מיך נאָך. ער איז אַזוי מאָדנע געוואָרן. תמיד פאַרטראַכט, פאַרטראָגן. ער גיט צומאָל קיין שמייכל נישט צו מיר.

מאַנועלאַ: פאַרדענק אים נישט, רחל. אים איז שווער אויפן האַרצן.

רחל: ווער ווייסט, אפשר האָט ער, צווישן די נייע פריינט זיינע, די קריסטן, געפונען עמיצן, וואָס איז געלערנטער פאַר מיר, שענער פאַר מיר...

מאַנועלאַ: קינדערייען!... ברוך איז ערליך און ריין ווי קרישטאָל, און דו ביסט שיין, ווי אַ בת־מלכה!... נישט מער (קוקט זי אָן אַ ווײַלע, שמייכלענדיק) גיי ווייס איך, קינדער פון אַמסטערדאַמער יאָדנבורט!... ווייז די אויגן דיינע, האַרץ מיינס! (זי הויבט איר אויף דעם קאָפּ, קוקט אַריין אין די אויגן, מיט אַ שמייכל) אויגן האָסטו — ווי צוויי ליכטיקע שטערן, גרויסע, קלאָרע, פינקלענדיקע. אָבער אין אַזעלכע אויגן פלעגט ביי אונדז, אַמאָל, גליען אין דער טיף אַ מין פלעמל אַ רויטלעכס און ביי אייך, אין אַמסטערדאַם — איז דאָס פלעמל אַוועק... (זי לאַכט) מען דאַרף ווייסן, ווי צו באַגיין זיך מיט אַ חתן, טייבעלע מיינס!

רחל: סעניאָראַ... (זי פאַרהאַקט זיך) איך האָב פאַר ברוכן... מורא!

מאַנועלאַ: נישט גוט, טייבעלע!.. זייער נישט גוט!... דאָס וואָלט ער פאַר געדאַרפט מורא האָבן!

רחל: איך בעט אייך, סעניאָראַ, לערנט מיר אויס עפּעס אַ שפּרוך... אָדער אפשר ווייסט איר — אַ גראָז, אַ געוויקס, אַ ליבע־געטראַנק, האַ?!

מאַנועלאַ: ניין, האַרץ מיינס. איך קען נישט קיין שפּרוכן און ווייס נישט פון קיין גראָזן. אַ ליבע־געטראַנק, זאָגט מען, איז אפילו יאָ פאַראַן, אָבער צו וואָס דאַרפסטו עס?! אַמשטאַרקסטן באַטרינקט דער

מיידלשער חן, וואָס איז אַ מתנה פון גאָט. און דו ביסט פול מיט חן.

רחל: סעניאָראַ, האָט איר אַליין טאַקע... קיינמאָל נישט?!... באמת?! קיין שום שפרוך?!...

מאַנועלאַ: קיינמאָל נישט, רחל, קיינמאָל נישט. (פאַרטראַכט זיך) און אין מיינע יונגע יאָרן, ווייסט איין גאָט, ווי מען האָט זיך געליבט אין מיר... אוי, האָט מען זיך געליבט אין מיר, האַרץ מיינס!... (צעלאַכט זיך לאַנג) אפילו אַ פירשט האָט זיך פאַרליבט!... (לאַכט נאָך שטאַרקער) אַן שפרוכן, אַן גרעזער, אַן געטראַנקען!... אפילו קיין פאַרב איז קיינמאָל אויף מיין הויט נישט געקומען!... און קיינמאָל נישט קיין צירונג, בלויז דער פעכער אין האַנט. (זי נעמט פון שענקל אַ פעכער) זעסט, טייבעלע מיינס? (טוט אַ צעעפן דעם פעכער, איין מאָל, אַ צווייטן מאָל, לאָזט זיך פאַמעלעך איבער דער בינע, ווי אין אַ טאַנץ, און לאַכט, לאַכט אַן אויפהער; מיטאַמאָל ווערט זי שטיל, ווי אויסגעלאָשן, פאַרמאַכט פאַמעלעך דעם פעכער) יאָ, האַרץ מיינס, אַ סך יאָרן זיינען שוין פאַרלאָפן זינט דער צייט, אַ סך יאָרן... (פויזע; און פלוצלינג) ברוך גייט!

(די טיר עפנט זיך ראַש, ס׳קומט אַריין ברוך; ער איז בלייך, דערשיטערט).

ברוך: (קוקט זיי אָן אַ ווילדע שטאַר, מורמלט) מאַנועלאַ!.. רחל!... (וויל עפעס זאָגן, מוז מאַכן אָן אָנשטרענגונג) איר... ווייסט? איר ווייסט שוין?!...

רחל: און דו אויך?...

ברוך: כ׳האָב באַגעגנט ענריקעזן.

מאַנועלאַ: זעץ זיך, ברוך.

ברוך: (ווי נישט הערנדיק) ס׳איז נישט מעגלעך!... ס׳איז אַן אומזין!... זיי האָבן נישט קיין רעכט!... וויפל מאָל כ׳בין צו בית־דין גערופן געוואָרן, בין איך געגאַנגען, מיט אַ ריין געוויסן געגאַנגען!... איטלעכס

מאָל אויפגעקלערט: כ׳בין אומשולדיק, מיט מיר איז דער אמת!... וואָס מיינען זיי אין בית־דין־הויז — מען קאָן דעם אמת פאַרשילטן, דערשטיקן אים אין האַס, דערהרגענען מיט שנאה?!...

רחל: ברוך, דער זיידע האָט געזאָגט: אויב דו וועסט טאָן, וואָס דיר ווערט געהייסן, אויב דו וועסט אָפּרופן...

ברוך: (רייסט איר איבער) אָבער וואָס האָב איך דען אָפּצורופן?!... כ׳האָב עפּעס־וועגן פאַרעפנטלעכט אין שריפט?!... אָדער פאַרשפּרייט אין כתב־יד?!... ערגעץ־וואו געפּריידיקט?!... וויכוחים געפירט?!... און אויב אפילו יאָ — איז עס דען נישט מיין רעכט?!...

מאַנועלאַ: דאָס טענה איך דאָך: ס׳איז משוגעת! זעץ זיך, ברוך!... לויף נישט אַזוי אַרום איבערן שטוב! פאָלג מיין עצה — גיי צו די סעניאָרן רבנים און זאָג זיי דאָרט אַלץ, וואָס מען פאַרלאַנגט פון דיר.

ברוך: אַלץ, וואָס מען פאַרלאַנגט?!... אַלץ — קיין האָר נישט ווייניקער?!... (ער לאַכט ביטער) און וואָס פאַרלאַנגט מען, ווייסטו?... כ׳זאָל זאָגן, אַז דער מענטשלעכער שכל איז הבל הבלים, אַז מען דאַרף נישט פרעגן, נישט זוכן, נישט דענקען, נישט פאָרשן?! וואָס נאָך? אַז דער הימל איז פול מיט מלאכים און שרפים, און די ערד ווימלט מיט שדים און רוחות, מיט מכשפות און גלגולים?!... אַז גאָט וואוינט אין די הימלען, זיצט אויף אַ גילדענעם טראָן, האָט הענט, האָט פיס, גייט, שטייט, איז אייפערזיכטיק, מאַכט טעותים, האָט חרטה?!... אַלץ שוין, וואָס?!... ניין, נישט אַלץ. שיער דעם עיקר נישט פאַרגעסן: אונדזער פאָלק איז דאָס אויסדערוויילטע צווישן אַלע פעלקער, — און די סעניאָרן רבנים זיינען, באַטירלעך, די אויסדערוויילטע פון צווישן אונדזער פאָלק... אָט דאָס ווילסטו זאָל איך זאָגן, מאַנועלאַ?... אָט די דאָזיקע אמתן?!...

מאַנועלאַ: נישט דער אמת איז דער עיקר, ברוך. דער עיקר איז — דאָס מענטשלעך גליק. די אַלע פּלוי־דערייען זיינען נישט ווערט, אַז רחל זאָל צוליב זיי איין טרער פאַרלירן!

ברוך: (שטיל) ס'קאָן נישט זיין קיין גליק, וואָס איז געבויט אויף ליגן. איך וועל גיין צום בית־דין און איך וועל דערקלערן: אייער גרויסער אייפער פאַר דער קדושה פון יעדן טויטן אות האָט פאַרוואַנדלט די אמונה אין אָבערגלויבן!... נישט פרום איז דער יאָדנבורט, נאָר פינצטער!... איינגעשלאָסן אין זיך, ווי אַן אויס־טערן אין זיינע מושלען!... דער אָבערגלויבן האָט דער־שטיקט יעדן לעבעדיקן געדאַנק, האָט אויסגעלאָשן יעדן פונק פון פאַרנונפט, האָט געמאַכט פונעם מענטשן־בר־דעת אַן אומזיניק באַשעפעניש, וואָס זעט שוין נישט מער דעם חילוק צווישן אמת און פאַלש! אויפוועקן דעם יאָדנבורט דאַרף מען!... מיר לעבן אין נידער־לאַנד!... ס'איז מיין רעכט אַזוי צו טראַכטן!... און ס'איז מיין רעכט צו זאָגן, וואָס איך טראַכט!... עס קומט נישט פאַר דעם קיין חרם!... כ'וועל אויפווייזן דעם בית־דין!...

רחל: חלילה! וועסט נאָך ערגער מאַכן!...

מאַנועלאַ: און צוליב וואָס?!... ווערטער, ווער־טער!... משוגעים אַלע!... (גייט ראַש אַרויס).

רחל: ברוך, זיי וועלן אויסרופן דעם חרם... און וואָס וועט זיין מיט אונדז?... מיט מיר?!... (וויינט) כ'האָב דיר געזאָגט — כ'בין גרייט מיט דיר אין עק וועלט צו גיין... כ'בין גרייט חתונה צו האָבן, אפילו קעגן ווילן פון זיידן. האָסטו נישט געוואָלט. האָסט אַלץ געגלויבט, דער זיידע וועט לסוף געבן זיין הסכמה. און איצטער וואָס?!... נאָכן חרם?!...

ברוך: רחל! וויין נישט, רחל!... איך פיל מיך אַזוי אומגליקלעך, ווען איך זע דיינע טרערן... נו, וואָס

זאָל איך טאָן ?!... גאָט איז מיין עדות — איך וויל צום חרם נישט דערלאָזן. אַ האַלב לעבן וואָלט איך אָפּגעגעבן, ס׳זאָל קיין חרם נישט זיין! צוליב דיר, רחל, און אויך צוליב מיר גופא. דו ווייסט עס. אָבער וואָס קאָן איך טאָן ?!... זאָג !...

רחל: (דורך טרערן) ווי אַזוי לעבט מען, ברוך ?!... ווי לעבט מען אויף גאָטס וועלט, וואָס איז אַזוי אומ־ברחמנותדיק ?!...

ברוך: אַ, ווען איך וואָלט געקאָנט געפינען אַ באַשייד אויף דער פראַגע: ווי לעבט מען... וואָס איז דען דאָס לעבן אונדזערס — נישט מער ווי דער אומ־לויף פון בלוט אין די אָדערן, דאָס אַריינציען פון לופט אין די לונגען, דאָס עסן, דאָס טרינקען, דאָס פאַר־מערן זיך, פונקט ווי ביי אַלע אַנדערע בעלי־חיים ?!... איז דען נישט דאָס מענטשלעך לעבן בעיקר — דאָס לעבן פון גייסט ?!... און אויב ס׳איז יאָ אַזוי — און ס׳איז אַזוי, רחל! — איז נישט פאַראַן קיין כוח אין דער וועלט, וואָס קאָן צווינגען דעם מענטשלעכן גייסט צו גלויבן אין דעם קעגנזעצלעכן, וואָס ער גלויבט !... וואָס פאַר אַ שכר אָדער וואָס פאַר אַ שטראָף קאָן מיך איבערצייגן, אַז אַ קערפּער איז אומענדלעך, בעת איך זע בפירוש זיינע גרענעצן ?!... וואָס פאַר אַ שכר אָדער וואָס פאַר אַ שטראָף קאָן מיר דערווייזן, אַז די סומע פון די ווינקלען פון אַ דרייעק איז נישט, פון אַלע איי־ביקייטן אָן, צוויי רעכטווינקלען ?! דער מענטשלעכער גייסט איז אומבאַצווינגבאַר !

רחל: מען צווינגט דאָך דיך אָבער נישט, דו זאָלסט באמת גלויבן אַנדערש! זאָג בלויז אַנדערש !...

ברוך: רחל — דו אויך ?!... דו פאַרלאַנגסט אויך, כ׳זאָל מיך פאַרראַטן ?!... איך זאָל פאַרראַטן דאָס טייער־סטע, וואָס איז אונדז געגעבן — אונדזער געדאַנק ?!

רחל: (טרויעריק) איך פאַרלאַנג גאָרנישט, ברוך.

טו ווי דו פאַרשטייסט. איך זע דאָך — דו ליבסט מיך נישט מער...

ברוך: רחל!... מען קאָן נישט ליב האָבן אַ מענטשלעך וועזן מער, ווי איך האָב דיך ליב!

רחל: אַמאָל ביזטו געווען גוט צו מיר, האַרציק, צערטלעך, ווי אַ חתן דאַרף זיין צו אַ כלה. לעצטנס אָבער!... דו ווייסט, ווי שווער עס קומט מיר אָן אַרויס־צוגיין פון שטוב, דער זיידע זאָל נישט וויסן. און אַז איך קום צו דיר, איז גלייך, ווי דו וואָלסט מיך נישט באַמערקט. האַלטסט אין איין ריידן וועגן דיינע פריינט, די קריסטן. יענע וואָך האָסטו אַ גאַנצן אָוונט נישט אויפגעהערט צו דערציילן, מיט גרויס התפעלות, וועגן די זייער וויכטיקע וויכוחים, וואָס זיי פירן: צי יעזוס איז יאָ געווען אַ זון פון גאָט, צי נישט; צי די יונג־פרוי מאַריאַ איז פאַרגאַנגען אין טראָגן פון הייליקן גייסט, צי גאָר פון אַ מאַן, ווי אַלע פרויען... וואָס גייט עס מיך דען אָן?!... איך בין אַ יידיש קינד!... איך גלויב נישט — נישט אין יעזוסן, נישט אין דער היי־ליקער מאַריאַ... כ׳וויל וועגן זיי נישט וויסן!... און דו אויך, ברוך, אויב דו ביסט באמת אַ ייד, דאַרפסטו וועגן זיי נישט טראַכטן!... איך קריג מורא פאַר דיר!...

ברוך: רחל!... קינד!... פאַרשטיי דאָך — ס׳גייט וועגן דערוואַכונג פון מענטשלעכן גייסט!... פעלקער, אמונות קאָנען זיין פאַרשיידענע, אָבער דער מענטש־לעכער שכל איז איינער און דער זעלבער!... די מענטש־לעכע מחשבה...

רחל: (רייסט אים איבער) רק שכל!... באַר מחשבה!... און וואו איז דאָס האַרץ דיינס?! איך הויב מיך אָן צו פרעגן: צי האָסטו בכלל אַ האַרץ, ברוך?! צי ביסטו נישט אַמאָל בלויז טרוקענער שכל?!... וואו איז דיין מיטלייד צו מיר?! דו זעסט, איך גיי אויס, ווי אַ ליכט!...

ברוך: בין איך גאָר דער שולדיקער? איך — און נישט די, וואָס רודפן מיך אַזוי אומגערעכט?!...

רחל: וואָס איז שוין דער חילוק ווער דער שולדיקער איז!... וויכטיק איז, אַז דו טוסט גאָרנישט, — גאָר נישט צו פאַרמיידן דאָס אומגליק! (שטילער) זיי מיר מוחל, ברוך. איך בין אַזוי אומגליקלעך. אפשר ביסטו טאַקע אויסן גוטס. וואָס איז די פעולה אָבער, אַז עס קומט אַרויס כסדר שלעכט?!...

ברוך: איז וואָס־זשע?!... זאָג וואָס דו ווילסט!...

רחל: איך וויל, מיר זאָלן נישט פאַרשפּילן אונדזער גליק, ברוך!... כ׳וויל מיר זאָלן נישט צעברעכן אונדזער לעבן!...

ברוך: (כמעט פאַרצווייפלט) רחל!... וואָס דאַרף איך טאָן, רחל?!... (ער זעצט זיך, ווי צוזאַמענגעבראָכן) ווען איך וואָלט געקאָנט בלויז רואיק באַטראַכטן זיך, ערנסט זיך באַדענקען!... ווען איך וואָלט מסוגל געווען ענדגילטיק זיך צו באַשליסן!... מיין געדאַנק איז ווי אַ פישער־שיפל אויפן ים, בעת אַ שטורעם, די כוואַליעס שליידערן עס פון אַלע זייטן, די זעגלען זיינען צעריסן, דער רודער איז צעבראָכן... באַלד וועט דאָס שיפל פאַרזינקען אין תהום... (פויזע) רחל, צי מוז דער וועג פון אמת דורכקרייצן דאָס לעבן מיינס און צעברעכן עס און אָוועקרייסן מיך פון אַלעם דעם, וואָס איז ביז איצט געווען מיין גאַנצע וועלט, אַלע מיינע האָפענונגען, טרוימען און באַגערן?! צי מוז דער גאַנג צו פרייהייט און גליקזעליקייט דווקא זיין דער גאַנג צו איינזאַמקייט?!... איך האָב מורא, איך האָב אַזוי מורא פאַר איינזאַמקייט!... (ער נעמט אַרום רחלען, דריקט זי צו צו זיך; זי וויינט שטיל) מיין נשמה איז מיט טויזנטער פעדים באַהעפט צום אַמסטערדאַמער יאָדנבורט. די שמאָלע געסלעך פון יאָדנבורט, דאָס טרויעריקע געזאַנג פון די מאַמעס ביי די וויגן, דער פייכטער בליק פון יידישע אויגן — דאָס בין איך!...

דער ניגון פון ישיבה־לערנען, דאָס טאָג־און־נאַכטיק פיבערהאַפּטע נישטערן אין ספרים, כדי צו שטילן דעם ברענענדיקן צווייפל, כדי אויסצוגעפינען דעם אמת, וואָס באַפרייט — דאָס בין ווידער איך!... און דו, רחל, דו ביסט אויך — יאַדנבורט און ווידער — איך, אַ חלק פון מיין נשמה!... מיין ליבע צו דיר איז ווי אַ פלאַם, וואָס ברענט דורך מיין גאַנץ וועזן, מאַכט עס ליכטיק און העל. דאַרף איך באַדעקן זיך אַליין מיט אַש, אויסלעשן דאָס אייגן האַרץ?... ווייס איך דען, צי עס איז ערגעץ פאַראַן אַ קוואַל פון גרעסערער לייטזעליקייט, פון העכערער פרייד, פון מער לויטערן גליק?!... איך האָב געטרוימט צו ברענגען ליכט און פרייהייט אין יאַדנבורט, צו די ברידער מיינע!... דאָ איז מיין אָרט!... איך טאָר פון דאַנען נישט אַוועקגעריסן ווערן!... (פּויזע).

רחל: (שטיל) ביסט גערעכט, ברוך. עס טאָר קיין חרם נישט זיין! וועסט גיין צום בית־דין און זאָגן, אַז דו טוסט תשובה... וועסט גיין, איאָ?!...

ברוך: תשובה?!... (ער קוקט זי אָן, ווי נישט פאַרשטייענדיק) וואָס רעדסטו, קינד?! פאַרלייקענען די וואַרהייט?!... (און אין כמעט אַן אויסגעשריי) דו ווילסט, איך זאָל פאַרלייקענען די וואַרהייט?!...

רחל: (איר בליק איז פינצטער געוואָרן) פרעג מיך נישט מער!... סיי־ווי זע איך — דיין עקשנות איז נישט איינצוברעכן!... ביסט האַרט און אומברחמנותדיק, ווי אַ פעלז!...

ברוך: אָבער, רחל...!

רחל: יאָ, ווי אַ פעלז!... איז טו ווי דיר געפעלט!... (זי לויפט שנעל צום אַרויסגאַנג).

ברוך: רחל!... רחל!... (ער פאַרהאַלט זי, אָבער זי רייסט זיך אַרויס פון זיינע הענט און פאַרשווינדט; פּויזע; ברוך בלייבט אַליין, שטאַרק אַנטמוטיקט) אַ, ווען איך וואָלט געקאָנט רואיק זיך באַדענקען!... בלויז

**רואיק זיך באַדענקען...** (ער שפּרייזט אַ ווײַלע איבערן צימער, פֿאַרהאַלט זיך נעבן פּאָרטרעט אויף דער וואַנט, קוקט זיך צו צו אים לאַנג, אָן איין וואָרט; ס׳קומט שטיל אַריין מאַנועלאַ).

**מאַנועלאַ: רחל איז אַוועק?...**

**ברוך: יאָ, מאַנועלאַ.**

**מאַנועלאַ: וואָלסט געדאַרפֿט האָבן מער מיט־לייד מיט איר. זי איז אַ טייער קינד און וועט דיר טריי זײַן ביזן קבר. וואָלסט געדאַרפֿט זיך צוהערן צו דעם, וואָס זי בעט דיך...** (אַזוי ווי ברוך ענטפֿערט נישט, רופֿט זי העכער) **ברוך!...** (ער ענטפֿערט אַלץ נישט; זי רופֿט נאָך העכער) **ברוך!...**

**ברוך:** (ווי אויפֿגעוועקט) **יאָ, מאַנועלאַ?...**

**מאַנועלאַ: הערסט ווידער נישט, וואָס איך רייד צו דיר!... אַלץ פֿאַרטאָן אין דײַנע מחשבות. פֿירסט שוין אַ שמועס מיטן פּאָרטרעט דײַנעם, וואָס?...** (זי לאַכט) **דו פֿרעגסט, ער ענטפֿערט, עס שיטן זיך קשיות און תשובות, ווי אין די צײַטן, ווען דו האָסט געלערנט אין דער ישיבה עץ־חיים.** (זי גייט צו צו אים, נעמט אים צערטלעך אַרום פֿאַר די אַקסלען; זיי שטייען בײַדע אַנטקעגן פּאָרטרעט) **אַי, ברוך, ברוך!... און פֿאַרוואָס האָסטו מיך נישט געפֿאָלגט?!... פֿאַר־וואָס ביסטו נישט געוואָרן גלײַכער אַ מאָלער, איידער אַ ביכער־וואָרעם?!... זע, ווי גלענצנדיק עס איז דײַן פּאָרטרעט, וואָס דו האָסט אויסגעמאָלט!... ווי ענלעך!... ווי וואונדערבאַר עס שפּילן די פֿאַרבן!... כ׳בין זי־כער, וואָלסט אַרײַן צו אונדזער שכן, דעם מייסטער רעמבראַנדט, וואָלסט אים געוויזן דײַנע מאָלערייען, צייכענונגען — וואָלט ער דיך גענומען פֿאַר אַ תלמיד. ס׳וואָלט אויסגעוואַקסן פֿון דיר אַ גרויסער קינסטלער, ברוך, אַ באַרימטער אין גאָר דער וועלט!... האָסטו מיך נישט געהערט און אַרײַנגעלאָזט זיך גאָר אין**

ספרים, ספרים — פאַרגעלבטע שמות !... דאָ איז שיינ־
קייט, ציטער פון לעבן, הויך פון אייביקייט, און ביי
דיר, אין די שמות דאָרט — ווערטער, ווערטער, וואָס
פאַרגייען מיטן ווינט... (זי לאַכט, ווערט באַלד ערנסט)
ברוך, שוין לאַנג געוואָלט דיך פרעגן: פאַרוואָס האָסטו
זיך אויסגעמאָלט דאָ (זי ווייזט אויפן פאָרטרעט) אין אַ
פישער־טראַכט, מיט אַ נעץ אויפן אָרעם, אין דער פּאָזע
פון אַט דעם... נעאַפּאָליטאַנער... ווי הייסט ער דאָרט ?...

ברוך: (שטיל) מאַס־אַנדזשעלאָ...

מאַנועלאַ: פאַרוואָס האָסטו זיך אויסגעמאָלט אין
דער טראַכט פון מאַס־אַנדזשעלאָ ?...

ברוך: (פאַמעלעך) כ׳ווייס אַליין נישט, מאַנועלאַ...
געוויס אַ יינגלשקייט געווען פון מיר... (פויזע).

מאַנועלאַ: ברוך !...

ברוך: יאָ ?...

מאַנועלאַ: דיין שוועסטער איז דאָ פריער גע־
ווען...

ברוך: געקומען בעטן, זאָלסט מיך אַרויסוואַרפן ?

מאַנועלאַ: ווער הערט זי דאָרט !... ברוך, זי האָט
געזאָגט — אָט דער... מאַס־אַנדזשעלאָ איז אומגעקו־
מען אויפן עשאַפאָט. איז עס אמת ? !...

ברוך: יאָ, ס׳איז אמת...

מאַנועלאַ: (דערשיטערט) ברוך !... איז עס טאַקע
אמת אויך, אַז ער איז געווען... אַ ים־רויבער — אין
נעאַפּאָל ? !...

ברוך: (פאַמעלעך) ניין, מאַנועלאַ. דאָס איז פאַלש.
מאַס־אַנדזשעלאָ איז געווען — אַן אויפשטעענדלער...
אַ שלאַכט־מאַן... ער האָט געקעמפט און איז געשטאָרבן
— פאַר דער פרייהייט פון זיין פאָלק...

פאָרהאַנג

# צווייטער אַקט

## בילד איינס

ביי רבי יהושע. רחל זיצט אַליין, טרויעריק. זי האַלט אַ גיטאַרע אין האַנט, באַרירט פון צייט צו צייט די סטרונעס, זינגט שטיל, אין האַלב־געמורמל.

רחל:

איז אַוועק אין דער ווייט און פאַרגאַנגען
אין ליכטיקע, לויטערע טעג...

(זי רייסט איבער דאָס געזאַנג, לייגט אָפּ אָן אַ זייט די גי־טאַרע, נעמט אַ פעכער, פּרואווט נאָכמאַכן די באַוועגונגען, וואָס זי האָט געזען ביי מאַנועלאַן, ס׳באַקומט זיך אָבער נישט; זי שמייכלט אומעטיק, נעמט ווידער די גיטאַרע, שפּילט עטלעכע אַקאָרדן און זינגט פּאַמעלעך)

איז אַוועק אין דער ווייט...
איז אַוועק אין דער ווייט און פאַרגאַנגען...

(זי בלייבט ווידער שטיל, פאַרטראַכט זיך; די טיר עפנט זיך פּאַמעלעך, ס׳קומט אַריין גבריאל)

גבריאל: גאָט־העלף, סעניאָריטאַ. שטער איך?...

רחל: (הויבט זיך האַסטיק אויף און זאָגט קאַלט) דער זיידע איז נישטאָ אין דער היים, סעניאָר גבריאל!...

גבריאל: נישטאָ!... געוויס, סעניאָריטאַ, איז ער נישטאָ. איך האָב ספּעציעל געוואַרט, ביז רבי יהושע איז אַריין אין בית־דין־הויז. צו אייך קום איך, סעניאָ־ריטאַ! נישט צו קיינעם, נאָר צו אייך. איר ווייסט עס!...

רחל: איך ווייס נישט און וויל עס נישט וויסן!... פאַרצייט, סעניאָר גבריאל, איר האָט נישט וואָס צו

**טאָן איצט ביי מיר!...** (זי דרייט זיך אום צו אים מיטן רוקן).

גבריאל: **איר זייט בייז. איר וואַרפט מיך אַרויס. כ'וועל אָבער נישט גיין.** (שאַרף) **כ'וועל נישט גיין!...** (און שטילער) **זייט נישט בייז, סעניאָריטאַ. איך בין ברוכן נישט קיין שונא. אדרבא, איך האָב אים ליב. כ'האָב אים ליב ווי אַן אייגענעם ברודער. יאָרנלאַנג זיינען מיר דאָך געזעסן צוזאַמען, אויף איין באַנק, אין דער עץ־חיים־ישיבה. אָבער ליבער פון אים, ליבער פון זיך, ליבער פון אַלץ אין דער וועלט — איר הערט?! ליבער פון אַלץ! — האָב איך... די כנסת ישראל! כ'האָב זוכה געווען צו זען אַ זעאונג, סעניאָריטאַ. די כנסת ישראל האָט זיך צו מיר באַוויזן, אין געשטאַלט פון אַ שניי־ווייסער טויב. גבריאל, האָט זי געזאָגט — און רויטע טראָפּנס בלוט האָבן געטריפט פון אירע אויגן — גבריאל, ראַטעווע מיך פון אַ סכנה, זיי מיך מציל פון אַ טויט־געפאַר... ברוך האָט זיך פאַרמאָסטן מיך אומצוברענגען!... וועלכער ברוך? — האָב איך אַרויס־געפליסטערט, הגם איך האָב גוט געוואוסט, ווער דאָס איז — און די האָר אויף מיין קאָפּ האָבן זיך אויפגע־שטעלט פאַר פּחד. דיין חבר ברוך, האָט די טויב טרוי־עריק געענטפערט, ברוך בן מיכאַעל, ברוך פון אַמ־סטערדאַם!... ראַטעווע מיך, גבריאל, ראַטעווע מיך!... די טויב איז פאַרשוואונדן און איך בין געבליבן אַ באַ־גאָסענער מיט קאַלטן שוויס. סעניאָריטאַ, איך האָב אַ הייליקע שליחות צו דערפילן!... כ'בין דער שליח פון דער כנסת ישראל!...**

רחל: (מיט פאַראַכטונג) **איר זייט אַ מסור, סענ־יאָר גבריאל!...**

גבריאל: (פאַרביטערט) **אַ מסור!... איר זאָלט אַזוינס זאָגן!... איר, אַן אייניקל פון רבי יהושע!... פאַר וועמען האָב איך דען גערעדט — פאַר גויים?!... צו די סעניאָרן רבנים געגאַנגען, צום הייליקן בית־דין,**

דעם אמת דערציילט, געבעטן רחמים פאַר דער אומ־שולדיקער טויב, דער כנסת ישראל... (און פּלוצלינג, ליידנשאַפטלעך) ברוך איז נישט קיין ייד, סעניאָריטאַ !... ער איז נישט מער קיין ייד !... פאַרוואָס איז ער אַוועק פון בית־המדרש ? !... פאַרוואָס פאַרקערט ער רק מיט גויים ? !... פאַרוואָס לערנט ער די גלחים־שפּראַך ? !... פאַרוואָס שטעקט ער אַן אויפהער אין זייערע טריפהנע ספרים ? !... איך האָב פערציק טעג געפאַסט — פערציק טעג ! — כדי דער אויבערשטער זאָל זיך אויף מיר מרחם זיין און אויסמעקן פון מיין זכרון די שפּראַך פון רוים, וואָס מען האָט, צו מיין גרויס אומגליק, געהאַט אַריינגעהאַקט אין מיין קינדערישן מוח. און ער — ער לערנט פלייסיק דעם לשון פון דער טומאה !...

רחל : פיל סעניאָרן רבנים ריידן און שרייבן לאַ־טיין !

גבריאל : איז עס טאַקע אַן עוולה !... אַן עבירה !... זיי אָבער האָבן כאָטש די שפּראַך געלערנט אַמאָל. היינט איז עפּעס אַנדערש ! היינט איז די צייט פון ביאת־המשיח !... די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז משיח איז נאָ־ענט ! מיר זיינען שוין דער לעצטער גלות־דור, דער לעצטער !... דאַרפן מיר ראוי זיין צום גרויסן נס ! (און הכנעהדיק) אויך איך וויל איך מציל זיין, סעניאָריטאַ...

רחל : מיך ? !... (זי צעלאַכט זיך) קאָן מען וויסן — פון וועמען ?... פון וואָס ? !

גבריאל : פון גיהינום !... פון שמד, חלילה !... ווייסט איר, סעניאָריטאַ, אַז איר זייט די מלכה־שבת, מיין מלכה־שבת ? !...

רחל : (שטרענג) סעניאָר גבריאל, איך האָב אייך פריער שוין געזאָגט און זאָג אייך נאָך אַמאָל : בלייבט נישט מער דאָ !...

גבריאל : איך וועל בלייבן !... איך מוז בלייבן !... איר מוזט עס וויסן !... מיין מלכה־שבת זייט איר, רחל !...

אין דער הייליקער שטאָט צפת, בעת איך פלעג, פריי־טיק פאַרנאַכט, מיט אַלע תלמידים צוגלייך, אַרויס אויפן פעלד מקבל שבת זיין, מיט פרייד און געזאַנג, און ס'פלעגט אונדז קומען אַנטקעגן די מלכה־שבת, אויסגע־צירט אין גאָלד, מיט אַ לויכטנדיקער קרוין פון זונען־שטראַלן אַרום קאָפּ, האָט זי תמיד געהאַט אייער גע־שטאַלט, רחל, אייער געזיכט !...

רחל: איר זייט אַראָפּ פון זינען, גבריאל !... איך פאַרבאָט אייך צו ריידן אַזוי !...

גבריאל: איר זייט עס געווען !... איך שווער ביי מיין לעבן — צו אייך האָב איך געשטרעקט מיינע אָרעמס !... צו אייך האָב איך געזונגען: „לכה דודי לקראת כלה"...

רחל: שווייגט, גבריאל !... איך וויל אייך מער נישט זען !... כ'וויל אייך מער נישט הערן !...

גבריאל: (ליידנשאַפטלעך) פאַרוואָס האָט איר זיך פאַרקנאַסט צו ברוכן ? !... וואָס פאַר אַ כישוף האָט ער אייך אָפּגעטאָן ? !... פאַר מיין אָוועקפאָרן קיין צפת, פלעגט איר תמיד מיך באַגעגענען מיט לייטזעליקייט, ווען איך פלעג קומען צו רבי יהושע. אַלע תלמידים פון רבי יהושע האָבן געוואוסט, אַז איר זייט מיין באַ־שערטע און האָבן מיר מקנא געווען. אויך איר האָט עס געוואוסט !...

רחל: ס'איז נישט אמת !... איר זאָגט ליגן !...

גבריאל: פאַרוואָס האָט איר מיך פאַרגעסן, רחל ? !... איז דאָס דער שכר פאַר פאָרן תורה־לערנען קיין ארץ־ישראל, פאַרן טרינקען פונעם קוואַל פון דער הייליקער קבלה ?... רבי יהושע האָט ברוכן די תנאים אָפּגעשיקט. איר וועט ברוכן אַרויסרייסן פון אייער האַרץ !... איר וועט פאַרטרייבן אים, פאַרשילטן אים, פאַרשפּייען אים !... מיינט איר טאַקע — ער ליבט אייך אפשר ? !...

רחל: (שאַרף) דאָס גייט אָן בלויז מיך און נישט קיינעם!...

גבריאל: ליבע איז — קרבן!... קרבן פון גוף און נשמה!... און ער — וואָס?!... נישט זיך, נאָר אייך וויל ער מקריב זיין!... ער האָט אייך פאַרנאַרט אין זיין נעץ מיט כישוף, מיט טומאהדיקער שוואַרץ־קינצלע־ריי!... איך וועל אייך אַרויסרייסן פון דער נעץ!... רחל, איך קען השבעות, וואָס זייער מאַכט איז אומבאַשרייב־לעך, איך קען צירופים, וואָס זיינען בכוח חרוב צו מאַכן די וועלט!...

רחל: (קוקט אים אָן, מיט ברייט־צעעפנטע אויגן) גבריאל!...

גבריאל: ברוך איז נישט קיין ייד!... ער וועט פאַרטריבן ווערן פון אונדזער פאָלק!... איר קאָנט נישט ליב האָבן אַזאַ איינעם ווי ער!... זיין נאָמען וועט אויס־געמעקט ווערן פון כלל ישראל, פונקט ווי ער וואָלט קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געקומען!... איר זייט מיין מלכּה־שבת, רחל!... אונדזערע ביידנס נשמות זיי־נען צוויי חלקים פון איין אייביקער גאַנצקייט, באַשטימט צו באַהעפטן זיך, פון אַלע אייביקייטן און אויף אַלע אייביקייטן!... אין צפת נאָך האָב איך אין חלום געזען: אין אַלע פריערדיקע גלגולים אונדזערע, זיינען מיר תמיד געווען מאַן־און־ווייב, צונויפגעשמאָלצענע אין ליבע, ווי אין פייער!... איר זייט מיין באַשערטע, רחל!...

רחל: (אַ דערשיטערטע) וואָס ווילט איר פון מיר?!... פאַרוואָס מאַטערט איר מיך?!... גייט אַרויס פון דאַנען!...

גבריאל: מיין באַשערטע, יאָ!... אַזוי איז, פון עולם ועד, אין די מזלות פאַרשריבן!... אין אַלע אויי־בערשטע גלגלים!... נישט איר, נישט איך, קאָנען זיך קעגנשטעלן!... רחל, אויף געטלעכער ליבע רוט די

וועלט !... מיט אונדזער באַהעפטונג גרייכן מיר צו די יסודי־עולם און פאַרקערן מיט דער שכינה אַליין !... איר טאָרט מיך נישט אָפּשטויסן, רחל !... (ער שטעלט זיך פאַר איר אויף די קני) אָט, אַרום אייער קאָפּ זע איך אויפלויכטן אַ קרוין !... דאָס איז די קרוין פון מלכה־שבת !...

רחל: (ציט זיך צוריק, פליסטערט, מיט פחד) הערט אויף !... הערט אויף !...

גבריאל: די גילדערנע שטראַלן פון ליבע !... דער אָפּגלאַנץ פון כביכול אַליין !...

רחל: איך בעט אייך !... גייט אַרויס !...

גבריאל: (שטיל) שטויסט מיך נישט אָפּ, רחל !...

(די טיר האָט זיך פּאַמעלעך געעפנט; ס'באַווייזט זיך רבי יהושע; ער בלייבט אַ ווײַלע שטיין פאַרגאַפט; רחל באַמערקט אים פלוצלינג און שרייט אויס.)

רחל: זיידע !...

גבריאל: (שטעלט זיך אויף און, מיט הכנעה) רבי !...

יהושע: (צו רחלען) גיי, קינד, גיי אַריין צו דיר אין חדר.

רחל: כ'גיי, זיידע. (זי גייט שנעל אַרויס).

גבריאל: (מיט אַ ציטערנדיקן קול) רבי... איך בעט אייך מחילה, רבי...

יהושע: (נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט, זעצט זיך ביים טיש, עפנט אַ ספר).

גבריאל: רבי, איך האָב רחלען ליב... מיט דער לויטערער ליבע פון אונדזערע אבות, רבי... איך וויל רחלען פאַר אַ ווײַב... כ'וויל זי אַרויסרייסן פון די נעגל פון דער טומאה... (און אַזוי ווי רבי יהושע שווײַגט כסדר, ווי פאַרטיפט אין ספר, שרײַט ער אויס) דער רבי האָט פון תמיד אָן ברוכן ליבער געהאַט פאַר מיר !... איצט זעט שוין דער רבי, צו וואָס דאָס האָט געבראַכט !...

(ער באַהערשט זיך גלייך און, שוין הכנעהדיק) **איך בעט מחילה, רבי... פאַרן אויפהויבן דאָס קול... איך בעט מחילה...** (פויזע).

**יהושע:** (פּאַמעלעך) **און צוליב דעם, גבריאל, צו־ליב דעם האָסטו עס אַזוי געאײַפערט אין דײַן עדות־זאָגן קעגן ברוכן?...**

**גבריאל: רבי, איך שווער ביי גאָט: אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט, איז כשר אמת!... גלויבט דער רבי ניט מײַן שבועה?!...**

**יהושע: איך גלויב, גבריאל... איך גלויב...**

**גבריאל: די סטרא־אחרא איז ער!... אשמדאי אַליין!... ער וועט זיך שמדן, רבי!... און אויב מען וועט נישט אַכטונג געבן, וועט ער, חלילה, צום אומ־גליק ברענגען נאָך אַ נפש!... אַן אומשולדיקע יידישע טאָכטער וועט ער פירן צום שמד!... זאָל דער רבי געדענקען מײַנע רייד!...**

**יהושע:** (שטרענג) **וואָס מיינט עס צו זאָגן, גבריאל?!...**

**גבריאל: זיי טרעפן זיך, רבי. נאָך היינט ביי־טאָג איז רחל ביי אים געווען.**

**יהושע: פון וואַנען ווייסטו עס?!...**

**גבריאל: כ'בין אויף דער וואַך, רבי. איך פאָלג אים נאָך, ווי אַ שאָטן. חרם איז ווייניק פאַר אים!...**

**יהושע:** (שטיל) **גיי, גבריאל. גיי, מיט גאָט. מיר וועלן זען.**

**גבריאל: איך גיי, רבי. זאָל דער רבי מיר מוחל זײַן... אַ גוטן טאָג, רבי...** (ער גייט אַרויס).

**יהושע:** (אַליין) **זיי טרעפן זיך... וועט מען אויס־רופן דעם חרם, ווייסט איין גאָט, וואָס זי וועט טאָן... ניט בלויז די קהלה־קדושה בישט אײַנגעהיט, נאָר אפילו נישט דאָס אייגן הויז...** (פויזע) **אוי, שווער איז דער עול פונעם פאַסטוך, שווער!... צו וואָס זײַנען מיר**

דען געגליכן ?... צו אַ סטאַדע שאָף, וואָס בייזע וועלף זוכן צו פאַרצוקן. יעדעס שעפעלע איז טייער, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אָבער ווען איינס ווערט, נעבעך, שלאָף, און אַ מגפה דראָט דער גאַנצער טשערעדע — וואָס איז דאַן דער חוב פונעם גוטן פאַסטוך, פונעם רחמימ־דיקן פאַסטוך ?... אפילו ווען דאָס קראַנקע שעפעלע איז זיין ליבסט קינד ?... (ער פאַרטראַכט זיך, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ; פויזע; ס׳עפנט זיך די טיר; ברוך באַ־ווייזט זיך און בלייבט שטיין).

ברוך: (שטיל) רבי !...

יהושע: (הויבט ראַש אויף דעם קאָפּ) ברוך ?!... וואָס טוסטו דאָ, ברוך ?!...

ברוך: (הכנעהדיק) אויב דער רבי וועט נישט געבן קיין רשות, וועל איך אַרויסגיין...

יהושע: (וואַקלט זיך אַ רגע) בלייב, ברוך! בלייב. קום נעענטער. (ברוך גייט צו) זעץ זיך, ברוך!

ברוך: אַ דאַנק, רבי. איך וועל שטיין.

יהושע: האָסט מיר עפּעס וואָס צו זאָגן ? . . . רייד !...

ברוך: רבי, פאַרוואָס וויל מען מיך פאַרשטויסן פון יידישקייט ?!... פאַרוואָס גייט מען איבערמאַרגן מיך מחרים זיין ?!... איך בין אומשולדיק, רבי !... מיט מיר איז דער אמת !...

יהושע: (שטיל) פונקט ווי הויך עס איז די בחינה פונעם בעל־תשובה, ברוך, אַזוי ביטער איז צום פאַר־עקשנטן בעל־עבירה, וואָס וויל נישט זען אפילו די לאַסט פון זיינע זינד... דו ביסט געווען מיין תלמיד, ברוך... מיין ליבסטער תלמיד... כ׳האָב געהאָפט, וועסט אויסוואַקסן אַ גדול בישראל... וועסט זיין דער שטאָלץ פון דער קהילה־קדושה אַמסטערדאַם... און דער מאַן פון מיין קינדס יתומה... מיין אייגן קינד... (פויזע; ער שטעלט זיך ראַש אויף און מיט אַ האַרבן קול) איז מיט

וואָס האָסטו מיר אָפּגעדאַנקט, ברוך ?!... מיט בושה אויף מיין אַלטן קאָפּ ?!... גייסט זיך שמדן ?!

ברוך: (דערשיטערט) רבי!... ס׳איז אַ בלבול!... אַ בלבול!...

יהושע: (קוקט אים אַ לאַנגע ווײַלע אין די אויגן אַריין) זאָגסט אמת, ברוך?

ברוך: ביים זכרון פון מיינע עלטערן, עליהם השלום, שווער איך אייך, רבי: קיינמאָל, קיינמאָל איז אַזוינס מיר אפילו אויפן רעיון נישט געקומען!...

יהושע: און ווען, חלילה, נישט קומען?...

ברוך: קיינמאָל, רבי!... זאָל מיר צוגעקלעפּט ווערן די צונג צום גומען, אויב איך זאָג ליגן!...

יהושע: (זעצט זיך צוריק, אַביסל באַרואיקט; מורמלט) עדות האָבן אויפגעוויזן: האָסט אפּיקורסישע מחשבות...

ברוך: רבי, איז דען נישט דער דין — שטראָפן זאָל מען פאַר מעשים בלויז און נישט פאַר מחשבות?!... זעט, רבי, דאָס פאָלק צווישן וועלכן מיר לעבן: נישט בלויז דער דענקער, נייערט יעדער פּשוטער מענטש פון המון קאָן זוכן דעם אמת אויף זיין אופן! און אפילו אויב עס קרייצן זיך געדאַנקען, ווי די שווערדן, הערט מען דען אויף צו זיין קינדער פון איין פאָלק?!.. רבי, אויך אין יאָדנבורט ביי אונדז, דאַרף יעדער האָבן רעכט אויף זיין מחשבה!... פאַרבאָט דען אונדז די תורה צו דענקען?!... וואָלט דען אַזאַ פאַרבאָט אַליין נישט געווען אַ חילול־השם?!... איז דען נישט דער מענטש־לעכער שכל — די שענסטע פון אַלע מתנות, וואָס מיר האָבן פון גאָט?!...

יהושע: (שמייכלט) ביסט תמיד דער זעלבער

ברוך: פרעגסט, פרעגסט און פרעגסט... כסדר אין אומ־אויפהערלעכן ברען... מיינסט, דער מענטשלעכער גע־דאַנק קאָן זיך אויפהויבן העכער ווי דער הימל...

ברוך: העכער, רבי!... אין יעדן אויפבליץ פון מענטשלעכער מחשבה איז גאָט פאַראַנען!...

יהושע: (טרויעריק) נישט בלויז מחשבות ווערן דיר פאַרגעוואָרפן. אויך מעשים.

ברוך: וועלכע, רבי?!...

יהושע: פירסט זיך נישט ווי אַ ייד, ביסט נישט פרום.

ברוך: רבי, צי דען האָט איר אַליין מיר נישט געלערנט, אַז דער הייליקסטער פון אַלע געטלעכע גע־באָטן איז: זאָלסט ליב האָבן דיין חבר, ווי זיך אַליין — און מער נאָך ווי זיך אַליין?!... איך פאָלג דעם גע־באָט, רבי!... מיין נשמה איז פול מיט ליבע צו גאָט און צו מענטשן. דאָס איז אמתע פרומקייט, רבי, ערלעכע, פונעם טיפן האַרצן.

יהושע: (נאָך אַ קורצער פויזע) ס׳ווערט דיר פאַר־געוואָרפן נאָך — חברסט זיך צופיל מיט קריסטן.

ברוך: אמת, רבי, איך האָב קריסטלעכע פריינט. אָבער צי חברן זיך נישט מיט קריסטן אויך אַנדערע אין יאָדנבורט און דווקא ווער?!... די סעניאָרן פרנסים פאַראַ, דע פינעדאָ, אַברבנל — און וויפל נאָך!...

יהושע: דו ווייסט וואויל, אַז דאָס איז נישט מער, ווי פריינטשאַפט פון מסחר, פון שותפותדיקע געשעפטן.

ברוך: הייסט עס, רבי — מיין איינציקער חטא איז, וואָס, בעת די סעניאָרן פרנסים ריידן מיט זייערע קריסטלעכע פריינט די שפּראַך פון מסחר און גאָלד, רייד איך, מיט מיינע פריינט, די שפּראַך פון אמת און פרייהייט?!... דערפאַר — און בלויז דערפאַר — קומט מיר חרם?!...

יהושע: (שמייכלט אומעטיק) צי דו לערנסט נאָך אַ בלאַט גמרא יעדן טאָג, וועל איך נישט ערוב זיין, אָבער ווי צו פאַרענטפערן אַ שאלה מיט אַ צווייטער שאלה — האָסטו, זע איך, דערווייל נישט פאַרגעסן...

(ערנסט) עס גייט אָבער נישט אין אַ וויכוח וועגן „אמר אביי״, ברוך, ס׳גייט וועגן דיר, וועגן דיין גורל !...

ברוך: רבי, מיינע קריסטלעכע פריינט זיינען ער־לעכע, גאָטספאַרכטיקע לייט !... דאָס זיינען מענטשן, וואָס שטרעבן צום אמת מיטן גאַנצן נפש און זיינען גרייט פאַרן אמת און פאַר דער פרייהייט זיך מקריב צו זיין !... איז נישט רעכט צו פירן פריינטשאַפט מיט אַזעלכע ? !... צי האָט איר נישט אַליין געלערנט, רבי: די ליבע צו דיין חבר שפרייט אויס אויף יעדן בן־אדם, אויפן גאַנצן מענטשלעכן מין, כדי ס׳זאָל אָפּגעווישט ווערן די מחיצה צווישן מענטש און מענטש ? !...

יהושע: ביסט יונג, ברוך... באַנעמסט נאָך אַ סך זאַכן נישט... און ביסט ווי פאַרשיכורט פון פרעמדע תורות...

ברוך: פאַרוואָס פרעמדע, רבי ? !... פאַרוואָס זאָלן מעגן זייען און צוכטן די קערנער פון פאַרנונפט אַלע אומות — אויסער אונדז ? !... איך בין יונג, אמת. אָבער ס׳איז איצט יונג אויף דער וועלט, רבי !... עס יוירט און עס ברויזט און עס שפּראָצט אומעטום די מענטש־לעכע מחשבה !... זאָלן מיר אַליין בלויז בלייבן איינ־געשלאָסן און פאַרגליווערט אין דער האַרטער, טרוקע־נער קאָרע פון דורות ? !...

יהושע: מיר זיינען אַן אַלט פאָלק, ברוך... בעת אַ סך פון די היינטיקע אומות העולם האָבן נאָך אויף ביימער געקלעטערט, געגליכן צו חיות־רעות, האָבן מיר שוין געזאָגט: „לא תרצח״...

ברוך: רבי, דער עלטסטער דעמב, אַז עס קומט דער פרילינג, צעבליט ער זיך און גיט אַרויס יונגע קנאָספּן. אויב נישט — איז ער טויט. איז דען אַ זינד צו וועלן ברענגען אין יאָדנבורט דעם אָטעם פון פרי־לינג ? !... איז דען, חלילה, פאַראַן אַ סתירה — צווישן פרילינג און יידישקייט ? !... זעט, רבי, כ׳בין זיך מתוודה

פאַר אייך, ווי פאַר אַן אייגענעם פאָטער. און אפילו פאַר מיין פאָטער, עליו־השלום, האָב איך קיינמאָל אַזוי נישט געעפנט דאָס האַרץ. מען טאָר מיך ניט פאַר־שטויסן, רבי !... אפילו אויב איר האַלט, אַז מיינע דרכים זיינען פאַלש, דאַרפט איר וויסן, אַז מיינע כוונות זיינען ריינע. איך בין אַ קינד פון יאַדנבורט. מיטן גאַנצן וועזן פיל איך זיך געבונדן צו מיין שטאַם. אָפּ־געריסן, חלילה, פון שטאַם, וועל איך זיין ווי אַן אבר אָן אַ גוף. רבי, זעט, מען זאָל מיך ניט פאַרשטויסן !... דערלאָזט נישט צום חרם, רבי, דערלאָזט נישט !...

יהושע: (נאָך אַ פויזע) בית־דין וויל אַ סימן־חרטה.

ברוך: וואָס, רבי ?!... וואָס דאַרף איך טאָן ?!... זאָגט, כ׳וועל אייך פאָלגן !...

יהושע: (טראַכט אַ ווײַלע) אויב דו וועסט אַלע טאָג — אַלע טאָג ! — קומען אין שול...

ברוך: (ווייסט אים איבער) ניין, רבי !... זאָל דער רבי מיר מוחל זיין — ס׳איז נישט מעגלעך !... דאָס וואָלט געווען צביעות — און איך פאַרטראָג נישט קיין צביעות !... (שטילער) איך קאָן קומען פון צייט צו צייט... כ׳בין דאָך נישט לאַנג אויך געווען אין שול, רבי... אפילו אַן עליה געהאַט און מנדר געווען...

יהושע: (מיט אַ שמייכל) נישט לאַנג הייסט עס ביי דיר !... ס׳איז געווען שבת־חנוכה, איך געדענק גוט. און היינט האָבן מיר שוין באַלד תשעה־באב.

ברוך: כ׳וועל קומען אָפטער, רבי...

יהושע: ניין. ס׳איז נישט גענוג. (ער טראַכט) וועסט מוזן מוותר זיין אויף דיינע קריסטלעכע פריינט.

ברוך: וואָס הייסט, רבי ?!...

יהושע: וועסט מוזן צוזאָגן מער נישט צו טרעפן זיך מיט דיינע קריסטלעכע פריינט, נישט האָבן מיט זיי קיין שום מגע ומשא.

ברוך: רבי, דאָס איז אויך נישט מעגלעך!...

יהושע: (שטעלט זיך אויף) דאָס אויך נישט?!... הייסט עס, דו ווילסט זיין אין אַלץ דער גערעכטער — קעגן בית־דין און קהל?!... בלייבסט פאַרעקשנט, ווי געווען!... מיך בעטסטו דיך מציל זיין און אַליין וויל־סטו אויף גאָרנישט פאַרבויגן?!... זאָגסט, דו וועסט מיך פאָלגן און אויף אַלץ ענטפערסטו ניין?!... פאַר־געסט, אַז דו שטייסט ביים סאַמע ראַנד פון אָפּגרונט?!... אָדער אפשר ווילסטו, איך זאָל דיך אויך פאַרשילטן?!...

ברוך: (פאַרלוירן) רבי... זייט מיר מוחל, רבי... איך ווייס נישט וואָס צו טאָן... איך ווייס נישט, וואָס איך רייד... (פויזע; יהושע האָט זיך צוריקגעזעצט) רבי, אויב איך זאָל צוזאָגן נישט צו טרעפן זיך מער מיט מיינע פריינט... אויף ווי לאַנג וואָלט איך גע־דאַרפט...?

יהושע: (שטיל) פרעג נישט, ווי לאַנג. איך פרעג דיך אויך נישט.

ברוך: אויב אַזוי... איז זאָג איך צו, רבי!... איך זאָג צו!...

יהושע: קאָן איך, אין דיין נאָמען, מודיע זיין, אַז דו גיסט דיין וואָרט?...

ברוך: יאָ, רבי. איך גיב מיין וואָרט!...

יהושע: וועסט עס איבערחזרן פאַר בית־דין?...

ברוך: יאָ, רבי. כ'וועל איבערחזרן.

יהושע: גיי איך גלייך צו רבי שאולן.

ברוך: אַ דאַנק, רבי. אַ גוטן טאָג, רבי. אַ דאַנק. (ער גייט צום אַרויסגאַנג).

יהושע: ברוך!...

ברוך: (שטעלט זיך אָפּ) יאָ, רבי?...

יהושע: טרעפסט זיך מיט רחלען, ברוך?... (ברוך

לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, שווייגט) זי איז היינט ביי דיר געווען?...

ברוך: (שטיל) יאָ, רבי. זי איז געווען צוגאַסט ביי סעניאָראַ מאַנועלאַ.

יהושע: איז ווי האַלטסטו, ברוך?... ס׳איז רעכט אַזוי?... איך האָב דיר אָפּגעשיקט די תנאים, און דו טרעפסט זיך מיט איר, אָן מיין וויסן?!... פיין אַזוי?!...

ברוך: כ׳ווייס נישט, רבי... זאָל מיר דער רבי פאַרצייען...

יהושע: און נישט צו טרעפן זיך מיט רחלען — קאָנסטו מיר צוזאָגן?!... (ברוך שווייגט, מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ) וועסט צוזאָגן, ברוך?... (ער שווייגט אַלץ) זאָל איך באַפעלן, דו זאָלסט מיר געבן דיין וואָרט, האָ?!... ענטפער, ברוך!...

ברוך: (שטיל) ווי דער רבי וועט הייסן...

פאָרהאַנג

## בילד צוויי

אין ווײַנשענק „דער גילדערנער הירש". אַ פרייַלעכער געפּילדער. בײַ טישן זיצן געסט און טרינקען. יאַן, דער שענקער, צאַפּט ביר פון אַ פאַס. יעטכיע, די יונגע שענקערין, שוועבט אַרום צווישן בענק און שטולן.

ערשטער גאַסט: יעטכיע!... העי, יעטכיע!... אויסגיין פון דורשט וועלן מיר צוליב איר! אַ קרוג ביר, יעטכיע!...

אַנדערע געסט: צוויי קרוגן!... דרײַ!... לעבעדיקער!...

יעטכיע: (פרייַלעך) אָטאָ שוין, מינהערן!... גלײַך באַקומט איר ביר!... פרישן און שוימיקן!...

אַ גאַסט: מער שוים, ווי ביר, באַטירלעך!...

יעטכיע: ווי געוויינלעך, מינהערן, ווי געוויינלעך!... (אַלגעמיינער געלעכטער).

צווייטער גאַסט: בורגונדיער, יעטכיע!... רויטן בורגונדיער!...

דריטער גאַסט: אָבער עפּעס רעכטס!... פונעם אַלטן רויט־ווײַן!...

יעטכיע: גלײַך, מינהערן!... איין רגע געדולד. ס'וועט יעדערן געטאָן ווערן לויט זײַן פאַרלאַנג!...

יאַן: (שטייענדיק בײַ דער פאַס, אין אַ טאָן פון אַ קירכן־תפילה) אמן!... (געלעכטער).

פערטער גאַסט: (שטאַרק שיכור) יעטכיע!... הער נאָר אויס, טײַבעלע מײַנס!...

יעטכיע: (באַדינענדיק די געסט) איך הער, איך

הער, עקסעלענץ!...

פערטער גאַסט: ניין, אַן עקסעלענץ!... פשוט גוט־ברודעריש!... און קום נעענטער אַביסל, זיי אַ וואוילינקע! קום אַהער, יעטכיע!...

יעטכיע: נישטאָ קיין צייט, מינהער!... און אייער קול קלינגט וואונדערבאַר, אפילו פון ווייטן!

פערטער גאַסט: איאָ, אמת? (לאַכט צופרידן) איז הער מיך אויס, יעטכיע, אָבער מיט קאָפּ! כ'האָב אַן איינפאַל, אַן אויסגעצייכנטן... פאַרוואָס זאָל אַט דיין ווײנשענק הייסן „דער גילדערנער הירש"?! ס'וואָלט אַ סך גלייכער געווען אים אָנצורופן „די גילדערנע הירשלעך". און ווייסטו פאַרוואָס, טייבעלע מיינס? ווייל אָט זע איך דאָ, אָט דאָ, אָט דאָ... (הויבט זיך אויף שווערלעך, דערנעענטערט זיך צו יעטכיען און ווייזט אָן אויף איר בוזעם) איך זע דאָ צאַפּלען צוויי יונגע הירשעלעך פון עכטן גינגאָלד!... (גרויס געלעכטער).

יעטכיע: (כלומרשט אַ באַליידיקטע) יאַן, דו הערסט, יאַן?!... מען באַליידיקט מיך!...

יאַן: (כלומרשט אויפגעבראַכט) צו אַלדי רוחות, פלאַם־און־פייער!... ווען דאָ איז דאָס לעבן נישט טייער?!... נאָך איין וואָרט אַ שלעכטס מען זאָל זאָגן, טו איך גלייך צום טויט דערשלאָגן!...

פערטער גאַסט: אָבער... וואָס פאַלט דיר איין, יאַן?... כ'בין גאַרנישט אויסן געווען...

יאַן: (צו יעטכיען) הערסט, אוצר מיינער?... ער איז דאָך גאַרנישט אויסן געווען! ער האָט גאָר גע־האַלטן אין זאָגן אַ שטיקל שיר־השירים — נישט אמת, גוטער ברודער? (און אין טאָן פון אַ קירכן־תפילה) „דיינע בריסט, ווי צוויי הירשלעך, וואָס פיטערן זיך צווישן די ליליען..." (געלעכטער).

ערשטער גאַסט: יעטכיע, זאָל פון מיר ווערן אַ שפּאַנישער אייזל, אויב דו ביסט נישט די שענסטע

**שענקעריין פון דער גאַנצער נידערלענדער רעפובליק !...** (ווײל זי אַננעמען פאַר דער טאַליע).

**יעטכיע:** (דרייט זיך פלינק אַרויס) **פאַרזיכט, מינהער !... די נידערלענדער רעפובליק גיט איבער די הענט יעדערן, וואָס האָט צו לאַנגע פינגער !...** (גיט אים אַ פאַטש איבער דער האַנט).

**שטימען: בראַוואָ, יעטכיע !... רעכט אויף אים !...** (אַלגעמיינער געלעכטער).

**צווייטער גאַסט: יעטכיעלע, זאָל מען מיר אָפּ־האַקן דעם קאָפּ פון די פּלייצעס, אויב דו ביסט נישט בפירוש אַ מלאך פון הימל !...** (ווײל זי אַרומנעמען).

**יעטכיע:** (שטויסט אים אָפּ, לאַכנדיק) **אייער קאָפּ בלייבט גאַנץ אויף די אַקסלען, מינהער !... איר האָט פונקט געטראָפן !... אָט, מיין חשובער געמאַל וועט עס מיט פאַרגעניגן באַשטעטיקן. יאַן, נישט אמת, יאַן, אַז איך בין אַ מלאך פון הימל ? !...**

**יאַן: צי דאָס איז אמת ? !... נאָך ווי אמת !... דער גאַנצער גיהינום טייוולאָנים ביסטו, יעטכיע ! דער פייער־פלאַם פון שאול־תחתיה ביסטו !...** (אַלגעמיינער געלעכטער).

**שטימען: ביר, יעטכיע !... וויין !... רויט־וויין !...** (מען קלאַפּט אין די טישן ; יעטכיע און יאַן גייען אַרום צווישן די געסט, טראָגן פאַנאַנדער געטראַנקען ; אַלע זינגען) :

**אונדזער מלכות השמים**
**אויף דער ערד וועט זיין — נישט העכער !**
**טרינקט, קאַמראַדן, טרינקט לחיים,**
**ביזן דנאָ קערט אויס די בעכער !**

**(עס עפנט זיך די טיר און ס׳באַוויייזט זיך ברוך ; פון אַ שטול הויבט זיך אויף אַ מאַן, יאָהאַנעס, און מאַכט אים אַ צייכן.)**

**יאָהאַנעס:** (רופט) **דעספּינאָזאַ !...**

ברוך: (גייט שנעל צו צו אים) יאָהאַנעס!... (זיי באַגריסן זיך) איז עס מעגלעך?! איז עס וואָר?!

יאָהאַנעס: יאָ, דעספינאָזאָ. די קירכן־ראַטן האָבן דאָס מאָל אויסגעפירט זייערס.

ברוך: די שטאָט־רעגענטן האָבן, הייסט עס, נאָכגעגעבן?!...

יאָהאַנעס: יאָ. דער קאַמף, ווי איר ווייסט, האָט זיך געצויגן לאַנג און היינט האָבן זיי נאָכגעגעבן. פאַר גאָט־לעסטערונג און אפיקורסות וועט אַדריאַן געשטעלט ווערן פאַרן געריכט!

ברוך: דאָס איז ממש אומגלויבלעך!...

יאָהאַנעס: און ביז וואָס־ווען, האָבן די קירכן־ראַטן אויפגעצוואונגען דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַז דער געפערלעכער אפיקורוס זאָל תיכף איינגעזעצט ווערן אין תפיסה.

ברוך: אומדערהערט!...

יאָהאַנעס: נאָך גוט, וואָס עטלעכע שטאָט־רעגענטן האָבן אונדז באַצייטנס אָנגעזאָגט. היינט ביינאַכט וועט אַדריאַן פאַרלאָזן אַמסטערדאַם. ער האָט מיך געבעטן איבערגעבן, אַז ער וואָלט געוואָלט מיט אייך זיך זעגענען.

ברוך: (רייסט זיך אויף פון אָרט) וואו איז ער?!...

יאָהאַנעס: צו פרי נאָך דערווייַלע. כ׳האָב מיט אים זיך אָפּגערעדט אויף שפעטער.

ברוך: איך דאַנק אייך, יאָהאַנעס. איר ווייסט נישט, ווי גערירט איך בין פון אייער און אַדריאַנס פריינטשאַפט. וואָס קאָן זיין נאָך מער דערהויבנס אויף דער וועלט, ווי אַ פריינטשאַפט, וואָס קומט אויף פון אַ געמיינזאַמען דורשט נאָך אמת און פרייהייט?!... גראָד איז אייער שליח געקומען צו מיר אין אַ מאָמענט, ווען איך בין געווען שטאַרק אַנטמוטיקט און דערשלאָגן. די רבנים האָבן באַשלאָסן אויסצופירן

זייער דראָאונג קעגן מיר — איבערמאַרגן דאַרף ווערן אויסגערופן דער חרם.

יאָהאַננעס: כ'האָב וועגן דעם געהערט.

ברוך: איר שטעלט זיך קוים פאָר, וואָס עס באַטייט פאַר מיר — חרם... (ער בלייבט אַ ווײַלע שטיל, פאַרטראַכט) כדי אויסצומיידן אים, בין איך איינגעגאַנגען אויף עפּעס אַזוינס... (ער ענדיקט נישט) עפּעס, פאַר וואָס איך שעם זיך איצט פאַר זיך אַליין... (פּויזע) יאָהאַננעס, דער זיג פון די קירכן־ראַטן טאָר נישט בלייבן אָן אַ תשובה!... אויב אַדריאַן זאָל געשטעלט ווערן צו אַ משפּט פאַר אפּיקורסות, זיינען די וויכטיקסטע פרייהייטן פון נידערלאַנד באַדראָט!... ווען מיר שווייגן?!... מען מוז גלייך זיך פאַרזאַמלען!... אַלע פריינט אונדזערע!...

(אין שענק ברעכט פּלוצלינג אויס אַ הילכיק געלעכטער; מען שרייט: „בראַוואָ, יעטכיע!... שפּיל עפּעס, יעטכיע, שפּיל!"... יעטכיע נעמט אַ גיטאַרע, שפּילט שטיל, אונטערברומענדיק אַ ניגון אָן ווערטער.)

יאָהאַננעס: דעספּינאָזאַ, איך האָב אייך מיטצוטיילן נאָך עפּעס — און זייער וויכטיקס פאַר אייך.

ברוך: איז עפּעס נאָך געשען?...

יאָהאַננעס: אין אַמסטערדאַמער שטאָט־ראָט איז היינט גערעדט געוואָרן אויך... וועגן אייך!

ברוך: (דערשטוינט) וועגן מיר?!...

יאָהאַננעס: וועגן אייך. וועגן ברוך דעספּינאָזאַ. וועגן יידישן גאָטלעסטערער, וועגן געפערלעכן אפּיקורוס פון יאָדנבורט — ברוך דעספּינאָזאַ!...

ברוך: איז עס נישט אַמאָל אַ טעות?!... ווי קומט דער קריסטלעך־קאַלוויניסטישער שטאָט־ראָט פון אַמסטערדאַם צו...?!

יאָהאַננעס: איר זעט דאָך — ער קומט!... ריכטיקער — מען קומט צו אים, מען איז צו אים געקו־

מען, אייערע רבנים זיינען געקומען!... באַקלאָגן זיך אויף אייך!... איר גראָבט אונטער די יסודות פון דער אמונה אין יאָדנבורט.

ברוך: (קוקט אים אָן אַ ווײַלע, שטאַר) יאָהאַ־נעס!... יאָהאַנעס!... דאָס איז ניט קיין שפּאַס?!...

יאָהאַנעס: ניין, דעספּינאָזאַ. ס'איז זייער ערנסט. די אַמסטערדאַמער שטאָט־רעגענטן האַלטן זיך נישט פאַר געננוג באַהאַוונט אין הלכות יידישע אמונה, האָבן זיי די רבנים אָפּגעשיקט צו די קירכן־ראַטן. און דער סינאָד פון די קירכן־ראַטן האָט מיטגעשיקט מיט די רבנים צוויי גאָטספּאַרכטיקע קאַלווינישע פּריידיקער, וואָס האָבן פאַר די שטאָט־פּאַטערס באַשטעטיקט, אין נאָמען פון אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס, אַז דער ייד ברוך דעספּינאָזאַ איז אַ סכנה אויך פאַר דער קריסט־לעכער אמונה, ווייל ער לעסטערט די הייליקייט פון אַלטן טעסטאַמענט. מען גיט איבער, ס'איז רירנדיק געווען צו זען, ווי דער אַלטער און נייער גלויבן האָבן זיך די הענט געגעבן, ווי צוויי לייבלעכע ברידער...

ברוך: (מיט אַ טרוקענעם האַלדז) נו?!... און ווייטער?!...

יאָהאַנעס: אויך די רבנים, פּונקט ווי די קירכן־ראַטן, האָבן היינט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. די שטאָט־רעגענטן האָבן באַשלאָסן, אין פאַל ווען איר וועט ניט תשובה טאָן און דער חרם וועט ווערן אויסגערופן — אַרויסצושיקן אייך פון אַמסטערדאַם.

ברוך: (דערשיטערט) ס'קאָן נישט זיין!... יאָ־האַנעס, ס'קאָן נישט זיין!...

יאָהאַנעס: דעספּינאָזאַ, די זעלבע שטאָט־רע־גענטן, וואָס האָבן אונדז אָנגעזאָגט וועגן אַדריאַנען, האָבן איבערגעגעבן אויך וועגן אייך.

ברוך: די רבנים — מיט די קירכן־ראַטן?!... דאָס

איז אַזוי משונהדיק, יאַהאַנעס — משונהדיק אומגלויב־לעך!...

(ווידער ווערט אַ טומל, אַ געלעכטער, אַ קלאַפּעריי אין די טישן.)

**יאַן:** נו, גוט, קאַמראַדן!... אָבער שטיל, אָן געפּילדער!... אַז איר ווילט דווקא און בעט מיך אַזוי שיין און איידל, וועל איך אייך פאָרזאָגן אַ ליד מיינס.

**שטימען:** זאָג אונדז „ווער וויל״!... אַהער „ווער וויל״!...

**יאַן:** גוט, קאַמראַדן, זאָל זיין „ווער וויל״... אָבער רואיק!... (עס ווערט שטיל, ער שטעלט זיך אויף אַ פּעסל און דעקלאַמירט):

ווער וויל פאַרוואַנדלען אונדז אין קנעכט,
באַרויבן כבוד, פרייהייט, רעכט?!
מיט שייטער, תליון, בלוט און מאָרד —
ווער וויל אונדז ווידער שוין באַגליקן?...
**אַלע:** (אין אַ פרייִלעכן אויסגעשריי):
די רוימישע קאַטאָליקן!...
(געלעכטער).

**יאַן:**
ווער מאַכט ביי אונדז צו שאַנד און שפּאָט
דאָס וואָרט פון גאָט און זיין געבאָט?!
מיט קללה, שנאה, ליגן, פלוך —
ווער מאַכט פאַר אונדז גאָטס קירך דערווידער?
**אַלע:** (אין אַ פרייִלעכן אויסגעשריי):
די קאַלוויניסטן־ברידער!...
(געלעכטער).

**יאַן:**
ווער איז פון צביעות היינט צו טאָג
ביי אונדז אין לאַנד די ערגסטע פּלאָג?!
פון הפקר, זנות, פון פרעס און טרונק —

**ווער איז דער טרייסטער אונטערטאַנער?**

**אַלע:** (אין אַ פריילעכן אויסגעשריי):
**דער פרומער לוטעראַנער!**
(געלעכטער).

**שטימען: בראַוואָ, יאַן!... בראַוואָ!...**

**יאָהאַנעס: זייט נישט באַזאָרגט, דעספּינאָזאָ. איר וועט אַרויספאָרן קיין אָוואָוערקערק. ס'איז נישט ווייט פון אַמסטערדאַם און מיר האָבן דאָרט אַ סך פריינט. זיי וועלן אייך אויפנעמען ווי אַן אייגענעם.**

**ברוך: כ'בין נישט באַזאָרגט. עס האָט זיך בלויז אָפּגעטאָן פון מיר דאָס געפיל פון ממשותדיקייט. ס'קומט מיר אויס, ווי איך וואָלט געלעבט אין אַ מין קאָשמאַר...**
(ווידער ווערט אַ געפילדער.)

**שטימען: יעטכיע!... איצט זאָל יעטכיע זינגען!...**

**אַלע: יעטכיע, אַ ליד!... אַ ליד, יעטכיע!...**

**יעטכיע: אויב איר ווילט, איך זאָל זינגען — זייט שטיל!...** (ס'ווערט תיכף שטיל; יעטכיע פּרעלו־דירט אויף איר גיטאַרע און הויבט אָן זינגען אַן אַלט האָלענדיש פאָלקס־ליד; אינמיטן דער צווייטער סטראָ־פע, רייסט זיך ראַש אויף די אַריינגאַנג־טיר און ס'באַ־ווייזט זיך גבריאל, הינטער אים גייען ענריקעז און נאָך אַ מאַן; גבריאל קוקט זיך אַרום, דערזעט ברוכן, מאַכט עטלעכע טריט אין זיין ריכטונג און, אָנווייזנ־דיק אויף אים, שרייט אויס הויך, צו זיינע צוויי באַ־גלייטער).

**גבריאל: סעניאָרן, זייט עדות!... זייט עדות, ווי ער האָלט וואָרט!...**

**ברוך:** (רייסט זיך אויף פון פּלאַץ) **דו, מסור, נידערטרעכטיקער!...** (ער וויל זיך וואַרפן אויף גברי־אלן, באַרעכנט זיך אָבער גלייך, זעצט זיך צוריק; ס'איז דערווייל געוואָרן אַ טומל).

**שטימען: וואָס איז דאָרטן?!...**

**— שטיל!...**

**— אָדער געזעצט זיך, אָדער — אַרויס!...**

גבריאל: (צו זיינע באַגלייטער) **קומט, סעניאָרן!... לאָמיר ניט שטערן די אַדעליקע לייט!** (זיי גייען אַרויס; דער טומל שטילט זיך איין).

**יאָהאַנעס:** (פליסטערט) **וואָס איז געשען?...**

**ברוך: אַ פסק באַקומען. אַ פאַרדינטע שטראָף.**

**שטימען: — ששש!...**

**— שטערט נישט!...**

**— ווייטער, יעטכיע!...**

(אין דער צוגעפאַלענער שטילקייט, זינגט יעטכיע ווייטער איר ליד.)

פאָרהאַנג

# דריטער אַקט
## בילד איינס

אַ צימער אין בית־דין־הויז. רבי אַזאַריאַ און ענריקעז.

**אַזאַריאַ:** (שאַרף) וואָס ?!... ווי זאָגט איר ?!.. פאַר־שטעלט דאָס פּנים ? !... וואָס איז דאָ — אַ מאַסקן־באַל ? !...

**ענריקעז:** מיט אַ געדיכטן שלייער פאַרשטעלט, סעניאָר.

**אַזאַריאַ:** און זי וויל נישט זאָגן איר נאָמען ? !...

**ענריקעז:** ניין, סעניאָר. זי שווייגט. אירע איינ־ציקע ווערטער זיינען: זי וועט זיך פון אָרט נישט רירן, ביז איר וועט זי ניט אויפנעמען.

**אַזאַריאַ:** הם !... (טראַכט אַ ווײַלע) גוט. הייסט אַרייַנגיין !...

(ענריקעז גייט אַרויס; באַלד קומט אַריין אַ פרוי און בלייבט שטיין, דאָס געזיכט פאַרדעקט.)

**אַזאַריאַ:** (שטרענג) סעניאָראַ, זייט איר זיכער, אַז איר האָט זיך נישט טועה געווען ? !... דאָ איז דער בית־דין פון אַמסטערדאַם !... וואָס פאַרלאַנגט איר, אייגנט־לעך ? !... וועמען דאַרפט איר ? !...

**די פרוי:** (שטיל) **אייך, רבי.** (פאַמעלעך, מיט אַ פייערלעך־טעאַטראַלער באַוועגונג, הויבט זי אויף דעם שלייער; דאָס איז מאַנועלאַ; זי פאַרנויגט זיך טיף) **איך בין געקומען אייך גוט־מאָרגן ווינטשן, סעניאָר אַזאַריאַ...**

**אַזאַריאַ:** (מיט דער פריערדיקער שטרענגקייט) **סעניאָראַ...** (ער רייסט אָבער תיכף איבער, קוקט אָן

מאַנועלאַן, מיט וואַקסנדיקער שטוינונג, הויבט זיך אויף פון אָרט, גייט צו נענטער, באַטראַכט זי, ווי נישט גלויבנדיק זיינע אויגן און פליסטערט) מאַנועלאַ ?!...

**מאַנועלאַ:** יאַ, מאַנועלאַ!... מאַנועלאַ אַליווייראַ דע גאַמעץ!... איר האָט מיך דערקענט, הייסט עס, סעניאָר אַזאַריאַ?... אַבי איך האָב געמיינט, נאָך אַזוי פיל יאָרן...

**אַזאַריאַ:** (אַביסל אין פאַרלעגנהייט) זיצט, מאַנו־עלאַ... זיצט, סעניאָראַ...

**מאַנועלאַ:** אַ דאַנק. (זעצט זיך אוו, מיט אַ שמייכל) לאַנג שוין נישט געהאַט דעם כבוד מיט אייך צו אונ־טערהאַלטן זיך, איאַ, סעניאָר?... אַ, איך ווייס, איר האָט זיכער די יאָרן נישט געציילט!... איך, — מאַלט אייך — יאַ!... אויב איר זייט נייגעריק צו וויסן, וועל איך קיין סוד דערפון נישט מאַכן — באַלד צוויי־און־פער־ציק יאָר!...

**אַזאַריאַ:** צוויי־און־פערציק!... ווי עס לויפט די צייט!... (ער ווערט שטיל, זעצט זיך, פאַרזינקט אַ ווײַלע אין מחשבות) דאָס גאַנצע לעבן איז נישט מער ווי אַ חלום...

**מאַנועלאַ:** ס'ווענדט זיך בלויז וואָס פאַר אַ חלום, סעניאָר!... עס זיינען דאָ חלומות גילדערנע, לייטזעלי־קע — ווי דאָס געזאַנג פון אַ נאַכטיגאַל. פאַראַן אָבער חלומות, וואָס לייגן זיך ווי אַ שווערער שטיין אויפן געמיט, וואָס דריקן און וואַרגן ביז דערשטיקט צו ווערן...

**אַזאַריאַ:** (שטיל) איך האָף, מאַנועלאַ, דאָס לעבן איז נישט געווען גרויזאַם צו אייך...

**מאַנועלאַ:** וואָס פאַר אַ חילוק!... נישט וועגן מיין לעבן גייט עס איצט, רבי אַזאַריאַ!... בין איך דען אַמאָל צו אייך געקומען באַקלאָגן זיך, אָדער, חלילה, עפּעס בעטן?!... כ'האָב זיך צוגעקוקט פון ווייטן, ווי

איר גייט באַרג־אַרויף, שטייגט אַלץ העכער און העכער, געקוקט און באַוואונדערט אייך... (זי לאַכט, מיט ביטערקייט) איר זייט געוואָרן אַ גאָט־געלערנטער, אַ פריידיקער, אַ רב... איך הער אָפּט אייערע דרשות, רבי אַזאַריאַ. איר זייט זיכער דער בעסטער פריידיקער פון אַמסטערדאַם!... בלויז אַ שטיין קאָן זיך באַהערשן און נישט צעגיין פון אייערע רייד. אָבער דערפאַר איז עס דאָך — אַ שטיין!... (זי לאַכט ווידער) ווען איר שילדערט אַזוי געטרוי, מיט אַלע פּרטים, די שרעקלעכע ענויים, וואָס די זינדיקע שטייען אויס אין גיהינום, באמת — איר וועט מיר גלויבן, אויב איר ווילט, נאָר ס׳פאַרגייט דער חשק צו שטאַרבן...

**אַזאַריאַ:** (אַביסל פאַרלוירן) סעניאָראַ...

**מאַנועלאַ:** (ווערט תיכף ערנסט) אַנטשולדיקט רבי אַזאַריאַ, כ׳האָב אַ ווײלע פאַרגעסן מיט וועמען איך רייד. זייט מיר מוחל. איר זייט זיכער שטאַרק פאַרנומען. כ׳וועל מער נישט צונעמען אייער צייט. (זי בייט דעם טאָן) אַזאַריאַ, איך בין געקומען — צום ערשטן מאָל נאָך צוויי־און־פערציק יאָר — בעטן אייך אַ טובה.

**אַזאַריאַ:** (הייס) אַלץ, וואָס איז נאָר אין מיינע כוחות, מאַנועלאַ, וועל איך טאָן פאַר אייך! אַלץ!

**מאַנועלאַ:** (שטיל) כ׳בין געקומען בעטן — פאַר ברוכן...

**אַזאַריאַ:** (ווערט תיכף ווי איבערגעביטן מיט שנאה) פאַר דעספּינאָזאַ?!...

**מאַנועלאַ:** ער איז מיר ווי אַן אייגן קינד, אַזאַריאַ!... דאָס איינציקע קינד מיינס האָט גאָט מיר צוגענומען. איז ער מיר פאַרבליבן — דער זון פון מיין שוועסטערן־טאָכטער! בלויז אים פאַרמאָג איך אויף גאָטס וועלט...

**אַזאַריאַ:** ס׳טוט מיר לייד, מאַנועלאַ. איך באַדויער

איך פון גאַנצן האַרצן. אַזאַ קרובהשאַפט איז בלויז חרפּה און אומגליק!...

מאַנועלאַ: אַזאַריאַ רודפט אים נישט אַזוי אומ־ברחמנותדיק!... ער איז נאָך יונג, ברוך!... אויב אפילו ער איז אין עפּעס־וואָס שולדיק, וועט ער סוף־כל־סוף אַליין זיך אַרומזען!... לאָזט אים כאָטש צייט אויף חרטה!...

אַזאַריאַ: האָט מען אים דען נישט גענוג צייט גע־לאָזט?!... צוויי יאָר כמעט!... און וואו איז זיין חרטה?!... וואו איז זיין תשובה?!... צו די פּיס האָט ער געדאַרפט פאַלן, מיטן פּנים אין שטויב — מחילה בעטן!... וואָלט מען אים אפשר מוחל געווען, אין זכות פון זיין פאָטער, עליו־השלום... איז ער אָבער פול מיט עקשנות!... ער וויל נישט בויגן דעם נאַקן!... ער וויל זיך ניט שלאָגן על־הטא!... ער איז אומשולדיק, ער איז גערעכט!... הייסט עס — בית־דין איז שולדיק?!... די קהילה־קדושה איז אומגערעכט?!... בן סורר ומורה!... נעכטן האָט ער רבי יהושען געגעבן אַ וואָרט, אַז ער וועט זיך מער נישט טרעפן מיט זיינע קריסטלעכע חברים. און גלייך דעם זעלבן אָוונט האָט ער זיך מיט זיי פאַר־זאַמלט אין אַ וויינשענק, אין אַ נעסט פון אויסגעלאַסנ־קייט און גאָט־לעסטערונג!... ער האָט חוזק געמאַכט פון רבי יהושע, חוזק געמאַכט פון גאַנץ בית־דין!... די קהילה וועט אים אויסשפּייען, פאַרטרייבן פון זיך, ווי אַ קרעציקן, אויסמעקן זיין נאָמען, אַז ס׳זאָל פון אים קיין זכר נישט בלייבן אויף דער ערד!...

מאַנועלאַ: אַזאַריאַ, צוליב מיר טוט עס!... איך בעט אייך רחמים פאַר אים!...

אַזאַריאַ: נישטאָ קיין רחמים פאַר אַן אפּיקורוס!... נישטאָ קיין רחמים פאַר אַזאַ, וואָס לעסטערט דעם נאָמען פון גאָט און פון דער הייליקער תורה!...

מאַנועלאַ: אַזאַריאַ, איך שווער אייך — ער לעס־טערט נישט!...

**אזאַריאַ:** ער לעסטערט! יעדעס וואָרט פון דער תורה איז הייליק!... יעדער אות!... אינעם קלענסטן פינטל ליגן פאַרבאָרגן די טיפסטע סודות פונעם וועלט־באַשאַף! ווער עס רירט זיך צו צו איין אות בלויז פון דער הייליקער תורה, איז גלייך ווי ער פאַרמעסט זיך די וועלט אומצוברענגען!... אַזאַ איז חייב מיתה!... חרם — וואָס איז דען חרם?!... נישט גענוג פאַר אים חרם!... סקילה קומט אים! חנק קומט אים!... אַלע ארבע מיתות!...

**מאַנועלאַ:** (קוקט אים אָן אַ לאַנגע ווײַלע) אַזאַריאַ!... ווי ענלעך איר זייט איצטער צו פראַ אַנטאָניאַ!... איך געדענקט אים, רבי אַזאַריאַ, איר געדענקט נאָך דעם דאָמיניקאַנער פראַ אַנטאָניאַ?... יעדע וואָך כמעט פלעגט ער קומען אין הויז צו אונדז — און צו אייך אויך, אַזאַריאַ — מיט אַ פריינטשאַפט־באַזוך, אין האַרציקער שליחות... פון דער הייליקער אינקוויזיציע. דערזעלבער בליק, דיזעלבע ציטערדיקע קין, דער־זעלבער קול און כמעט דיזלעבע ווערטער... (און שאַרף) רבי אַזאַריאַ, פאַרוואָס נעמט איר נישט אין האַנט אַ שוואַרצע קעצער־ליכט און, מיט קאַפּיטלעך תהילים אויף די ליפּן, פאַרוואָס פירט איר נישט דעם אפּיקורוס צום שייטערהויפן, כדי צו פאַרברענען אים לעבעדי־קערהייט צום לויב פון אַלמעכטיקן גאָט?!...

**אַזאַריאַ:** מאַנועלאַ!!!... ווי וואַגט איר, מאַנוע־לאַ?!...

**מאַנועלאַ:** איך וואַג, אַזאַריאַ. איך וואַג, ווייל איך האָב אַ גוטן זכרון. איך געדענק אַלץ, אַזאַריאַ. כ׳געדענק אפילו נאָך, מיט צוויי־און־פערציק יאָר צו־ריק, אַ נסיעה אויפן ים... אַ רייזע פון באַרצעלאָנאַ קיין אַמסטערדאַם...

**אַזאַריאַ:** (זעצט זיך, פאַרשטעלט די אויגן, מורמלט) מאַנועלאַ...

מאַנועלאַ: אַ לאַנגע נסיעה... טעג און וואָכן... געדענקט איר אפשר, אַזאַריאַ, וואָס ס'איז דאַן געווען פאַר אייך דאָס הייליקסטע בוך אין דער וועלט? די תורה?!... ניין, אַזאַריאַ, ניין... די דיאַלאָגן וועגן ליבע, פון לעאָן העברעאָ. פון פרימאָרגן ביז זונפאַרגאַנג גע־לייענט זיי צוזאַמען, אויפן שיף־דעק. פאַרענדיקט און אָנגעהויבן פון דאָס ניי, ווי פאַרכישופטע. איך בין געווען סאָפיאַ און איר — פילאָן. איר געדענקט?... „סאָפיאַ, כ'קום בעטן ביי דיר אַ היילונג פאַר די וואונדן פון מיין האַרץ...” (זי פאַרמאַכט די אויגן, שאָקלט מיטן קאָפּ) צוויי־און־פערציק יאָר!... נאַרישקייטן בלייבן אין זכרון...

אַזאַריאַ: מען דאַרף פאַרגעסן, מאַנועלאַ... דאָס מענטשלעך לעבן וואָלט געווען אַ גיהינום, ווען נישט די ברכה פון פאַרגעסן. דאָס וואָס עס פאַרדעקט די צייט, איז גלייך ווי די ערד וואָלט עס פאַרדעקט...

מאַנועלאַ: און דעם שטורעם דערמאָנט איר זיך?... אונדזער שיף האָט געהאַלטן זיך ביים טרינ־קען, מיר האָבן מתפלל געווען, גערופן צו גאָט... און ווען ס'האָט אויסגעוויזן, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, אַז קיין שום רעטונג איז נישטאָ מער, צו וועמען האָט איר תפילה געטאָן, וועמענס נאָמען האָט איר דאַן גערופן, רבי אַזאַריאַ, איר געדענקט?!... וועמענס נאָ־מען?!...

אַזאַריאַ: שווייגט, מאַנועלאַ!... שווייגט, איך בעט אייך!...

מאַנועלאַ: דעם נאָמען פון נוצרי האָט איר גע־רופן!...

אַזאַריאַ: ניין!... ס'איז שקר!...

מאַנועלאַ: ס'איז אמת, רבי אַזאַריאַ!... איר ווייסט אויסגעצייכנט, אַז ס'איז אמת. פונקט ווי אמת עס איז אויך, אַז אייער האַנט האָט דאַן פיבערדיק געצייכנט

— דעם צייכן פון קרייץ!...

אזאַריאַ: אום גאַטעס ווילן — שווייגט! איך באַשווער איך — שווייגט!... (פויזע) צו וואָס דער־מאָנען עס, מאַנועלאַ?... אַ גאַנצע אייביקייט איז פון דער צייט פאַרלאָפן. מיר זיינען נאָך דאַן נישט געווען קיין אמתע יידן... נישט ווייט געהאַט אַוועק פון דער קירך...

מאַנועלאַ: ניין, אַזאַריאַ!... היינט זייט איר נע־ענטער צו דער קירך, ווי אַמאָל!... היינט זייט איר וויניקער ייד!... מיט צוויי און פערציק יאָר צוריק זייט איר געווען אַ פאַרפאָלגטער, פול מיט ליבע פאַר גערעכטיקייט און פרייהייט, פול מיט ליבע צו מענטשן, איצט זייט איר אַליין — אַן אינקוויזיטאָר, ווי פראַ אַנ־טאָניאָ!... (בייט דעם טאָן) דאָס זייט איר געגאַנגען, צוזאַמען מיט רבי מאַרטיירא, צום אַמסטערדאַמער שטאָט־ראַט, בעטן מען זאָל ברוכן פאַרטרייבן פון שטאָט?!... (ער ענטפערט נישט) איר שווייגט?... ס'איז, הייסט עס, אמת...

אַזאַריאַ: (מורמלט) ברוך טאָר דאָ נישט פאַר־בלייבן... ס'איז אַ סכנה פאַר דער יוגנט... אַ סכנה פאַר דער קהילה... ס'גייט אין אַנזען פון אַלעמען... און איך בין דאָך געווען נישט מער ווי אַ שליח!... אין נאָמען פון בית־דין... פון די סעניאָרן פּרנסים...

מאַנועלאַ: די סעניאָרן פּרנסים!... וועלכע?!... אברבנל, אפשר?!... אין איינס האָט איר זיך נישט געביטן פאַר די גאַנצע יאָרן, דוד אַזאַריאַ — איר בויגט זיך תמיד פאַרן גילדערנעם קאַלב!... ווען דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון מיין משפחה וואָלט נישט אומגעקומען אין שיפּברוך, וואָלט אפשר אייער וואָרט געבליבן וואָרט?... איר וואָלט אפשר נישט אָפּגעשטויסן מאַנועלאַ אַליווייראַ דע גאָמעץ...

אזאַריאַ: (מורמלט) ס'איז מסתמא נישט געווען

מאַנועלאַ: באַשערט!... (זי לאַכט) ס'איז לייכט אַרויפצושרייבן אויפן חשבון פון באַשערטקייט אַלע מיאוסקייטן פון דער אייגענער נשמה!...

אַזאַריאַ: מאַנועלאַ... זייט גרויסמוטיק!...

מאַנועלאַ: (ליידנשאַפטלעך) און פאַרוואָס זאָל איך עס זיין?! זייט איר אפשר געוועזן עס, אַזאַריאַ?! אָט, ווען איך וואָלט דאָן געהאַט אַ ברודער, וואָס זאָל נקמה נעמען — מיט אייער בלוט וואָלט איר באַצאָלט פאַר דער עוולה!... בין איך אָבער געוועזן אַליין און האָב געקאָנט בלויז פאַרבייסן די ליפּן, קיינער זאָל מיין וואונד נישט זען. אָבער דער חשבון איז נישט געסילוקט, ניין!... און איצט, נאָך צוויי־און־פערציק יאָר, קום איך מאָנען מיין חוב, דוד אַזאַריאַ!... ס טאָר קיין חרם נישט זיין!...

אַזאַריאַ: מאַנועלאַ!... מאַנועלאַ!... מיר זיינען ביידע אַלטע לייט...

מאַנועלאַ: עס טאָר קיין חרם נישט זיין — איר הערט?!...

אַזאַריאַ: אפילו אויב איך וואָלט געוואָלט עפּעס טאָן, איז עס שוין נישט מעגלעך. אַלץ איז גרייט אויף מאָרגן. איך בין אָנמאַכטיק, מאַנועלאַ.

מאַנועלאַ: נישט אמת!... איר קאָנט אַלץ, אויב נאָר איר וועט וועלן!... אַזאַריאַ, אַזאַריאַ, איך באַשווער אייך!...

אַזאַריאַ: (נאָך אַ קורצער פּויזע) ס'איז דאָ אפשר איין אויסוועג, מאַנועלאַ... בלויז איינער!...

מאַנועלאַ: וואָס?!...

אַזאַריאַ: זאָל ער פאַרלאָזן נידערלאַנד!... זאָל ער אַוועקפאָרן!...

מאַנועלאַ: ווי אַזוי?!... וואוהין?!...

**אזאריאַ:** וואו ער וויל!... אַבי נישט בלייבן דאָ! קהל וועט געבן אויף הוצאות! איך בין ערוב! זאָל ער פאָרן קיין בראַזיל!... זאָל ער פאָרן אין דער אַטאָ־מאַנישער מדינה! זאָל ער פאָרן קיין צפת, צי קיין ירושלים!... זאָל ער פאָרן אין עק וועלט, אַבי אונדזערע אויגן זאָלן אים מער נישט אָנזען!...

**מאַנועלאַ:** אַזאַריאַ... ברוך איז אַ חתן געווען...

**אזאריאַ:** איך ווייס. כ׳וועל ריידן מיט רבי יהושע. אויב ער וועט מסכים זיין, וועט מען שטעלן חופה. קהל וועט געבן אויף הוצאות פאַר חתן־כלה...

**מאַנועלאַ:** (פאַרלוירן) אָבער... ביז מאָרגן...

**אַזאַריאַ:** מען וועט אָפּלייגן. איך זאָג אייך צו. גייט תיכף ריידן מיט אים!... זאָל ער פאָרן!... ס׳וועט זיין גלייכער פאַר אַלעמען!... מ׳וועט פאַרמיידן אַ חרפה פאַר דער גאַנצער קהילה. גייט, גייט, מאַנועלאַ, און זייט מצליח!...

**מאַנועלאַ:** (הויבט זיך אויף) אַ דאַנק אייך, רבי אַזאַריאַ, אַ דאַנק. (זי פאַרדעקט ווידער דאָס פּנים און גייט צום אַרויסגאַנג).

**אזאריאַ:** מאַנועלאַ?...

**מאַנועלאַ:** יאָ?... (זי שטעלט זיך אָפּ, הויבט אויף דעם שלייער).

**אזאריאַ:** איר האָט געזאָגט — ברוך איז פאַר אייך ווי אַן אייגן קינד?...

**מאַנועלאַ:** יאָ, רבי אַזאַריאַ.

**אזאריאַ:** אויב איר ווילט, פאָרט מיט אים צו־זאַמען... (און נאָך אַ ווײַלע) איך וועל געבן אויף הוצאות.

**מאַנועלאַ:** (קוקט אים אָן לאַנג) רבי אַזאַריאַ, אייער גאַנץ לעבן איז אײַן לאַנגע קייט פון הוילע מצוות... איז עס אייך אַלץ נישט גענוג?!... איר ווילט איינהאַנדלען איצט נאָך אַ מצווה און אויפן חשבון פון

**וועמען — פון מאַנועלאַ אַליוויירא דע גאַמעץ ?!...**

**אַזאַריאַ:** (שטיל) איר וועט מיר טאַקע קיינמאָל **נישט מוחל זיין, מאַנועלאַ ?...**

**מאַנועלאַ: מוחל זיין ?!... צו וואָס דאַרפט איר מיין מחילה, רבי אַזאַריאַ ?! זי וועגט נישט אפילו קיין האַלבן לוויט גאָלד !...** (צעלאַכט זיך, פאַרדעקט דאָס געזיכט און לאָזט זיך פאַמעלעך צום אַרויסגאַנג).

פאָרהאַנג

## בילד צוויי

ביי מאַנועלאַן. דאָס זעלבע צימער, ווי אין צווייטן בילד פון ערשטן אַקט. ברוך איז אַליין.

ברוך: וואָס קומט אָן שווערער — די טאָט, צי דער אויסוואַל פון טאָט?... דער אַקט גופא, צי דער באַשלוס?... (ער טראַכט אַ ווײַלע, שמייכלט אומעטיק) פונקט ווי אַ חולה מסוכן, וואָס וויל ראַטעווען זײַן לעבן, פּרואווט אויס כלערליי רפואות, אפילו די סאַמע אומוואַרשײַנלעכסטע, — אַזוי האָב איך געפּרואווט אויף אַלע אופנים אויסצומײַדן די אַנטשיידונג, אָדער לכל־הפּחות, אָפּצושטופּן זי, דערווײַטערן, געווינען אַ חודש, אַ וואָך, אַ טאָג... עס זײַנען אָבער פֿאַראַן רפואות, וואָס נישט בלויז ברענגען זיי נישט קיין גענעזונג, נאָר קאַפּויער, זיי שטויסן פּאַמעלעך אין די אָרעמס פון טויט... מען מוז זיך אַנטשליסן!... (ער גייט צו צום פּאָרטרעט, בלײַבט שטיין אַ ווײַלע און, מיט אַן אומעטיק־איראָנישן שמייכל) באַפרייער פון יאָדנבורט!... קעמפער פאַר דער פרייהייט פונעם פאָלק!... (פּויזע).

(עס עפנט זיך די טיר און ס'קומט אַריין רבי יהושע).

יהושע: ברוך!...

ברוך: (דערשטוינט) איר — דאָ, רבי?!... (ער טראָגט אים אונטער אַ שטול).

יהושע: איך קום פון פּאָרט. ס'איז דאָ אַ שיף, וואָס גייט אָפּ אין צוויי טעג אַרום קיין לעוואַנט, אין דער אָטאָמאַן־מדינה. אַ גוטע שיף, פעסט געבויט און ריין געהאַלטן. ברוך, מאָרגן, אין אַ מזלדיקע שעה, וועט מען קאָנען שטעלן חופּה און איבערמאָרגן, אם ירצה השם, וועט איר, מיטן אויבערשטנס הילף, אָפּפאָרן. (ברוך שווײַגט) ברוך, הערסט, וואָס איך רייד?!...

ברוך: (פּאַמעלעך) יאָ, רבי... איך הער...

יהושע: נו, און וואָס?!...

ברוך: (שטיל) ניין, רבי.

יהושע: ניין?!... (ער קוקט אים אָן שטרענג) וואָס מיינט עס, ברוך?!...

ברוך: איך בעט מחילה, רבי... פון גאַנצן האַרצן, בעט איך מחילה... אויב דעם רבינס ווילן איז, אַז מאָרגן זאָל זיין חופּה, וועט זיכער קיין גליקלעכערער חתן אויף דער וועלט נישט זיין. אָבער אָפּפאָרן איבערמאָרגן — וועל איך נישט!...

יהושע: ווילסט אַ שפּעטערדיקע שיף?...

ברוך: ניין, רבי. קיין שפּעטערדיקע אויך נישט. איך וויל נישט פאַרלאָזן נידערלאַנד, רבי!...

יהושע: (דערשיטערט) ברוך!... האָסט דאָך מסכים געווען!...

ברוך: דאָס טאָקע וואַרף איך מיר פאָר, רבי — די צוזאָגן מיינע, די וואַקלענישן... איצט אָבער איז עס געענדיקט. דאָ איז מיין היים!... האָלאַנד איז מיין פאָ־טערלאַנד, רבי!...

יהושע: קינד!... דיינע עלטערן, עליהם השלום, האָבן אויך געהאַט אַ פאָטערלאַנד!... איך האָב אויך גע־האַט אַ פאָטערלאַנד!...

ברוך: דאָס איז געווען נישט מער, ווי געבוירן־לאַנד, רבי, און דערצו נאָך — לאַנד פון אונטעריאָ־כונג. מיר אָבער איז באַשערט געווען דאָס גליק צו שטעלן מיינע ערשטע טריט אויף דער ערד פון פריי־הייט — און בלויז אין פרייהייט ווערט פונעם געבוירן־לאַנד אַ פאָטערלאַנד!... רבי, אפילו ווען מיין וויגל וואָלט געשטאַנען מיט טויזנטער מיילן ווייט פון דאַ־נען, וואָלט איך אויך, מיט אַלע כוחות, געריסן זיך אַהער, צום לאַנד פון ליכט און וויסן, פּונקט ווי עס ציען אַהער, פון אַלע עקן ערד, הונדערטער און הונ־דערטער מענטשן פון גייסט!... זאָל איך אַליין דאָס לאַנד פאַרלאָזן?!...

יהושע: ברוך, ס׳איז אונדזער לעצטע האָפענונג!... קוים באַקומען די הסכמה פון קהל!... דערצאָרן נישט נאָך מערער די סעניאָרן פּרנסים!... דערצאָרן נישט דעם בית־דין!... מיט די אייגענע הענט רייסטו איי־בער, חלילה, דיין בונד מיטן יידישן כלל!...

ברוך: נישט איך רייס איבער, רבי!... און קיי־נער האָט נישט קיין רעכט עס צו טאָן!... און זיכער נישט די, וואָס זיינען געגאַנגען צו די קאַלווינישע קירכן־ראַטן זיך משתדל זיין, מען זאָל מיך פאַרטרייבן פון שטאָט!...

יהושע: (שטיל) מיר האָט מען וועגן דעם נישט דערציילט...

ברוך: איך ווייס, רבי. ס׳איז געווען אַ סוד. און אפשר טאַקע האָבן די שתדלנים מיר די אויגן גע־עפנט. רבי, ביז איצט האָב איך געמיינט, — מען וואַרפט מיר פאָר, איך גראָב אונטער די יסודות פון דער יידי־שער אמונה. ווייזט זיך אַרויס, רבי מאָרטיירא און רבי אַזאַריאַ האַלטן — כ׳בין אַ סכנה אויך פאַרן קריסט־לעכן גלויבן. פונקט אַזוי וואָלטן זיי געפּסקנט, בין איך משער, אַז מיין קריסטלעכער פריינט אַדריאַן, ווען מען די קירכן־ראַטן ווילן דווקא אַריינוואַרפן אין תפיסה, איז אַ געפאַר אויך פאַר תורת־משה. ס׳איז מער נישטאָ קיין אָפּגעזונדערטער יאָדנבורט, רבי!... איבער דעם היי־מאַרק און די עלנטע געסלעך פון פלאָענבורג, האָבן די ראשי־בית־דין פון דער קהילה קדושה אַמסטערדאַם די הענט זיך געגעבן מיט די קריסטלעכע סינאָדן פון די נידערלענדער־פּראָווינצן. און אויך איך, רבי, האָב מיין האַנט געגעבן!... כ׳האָב געגעבן מיין האַנט די אַלע קריסטלעכע פריינט מיינע, וואָס זוכן דעם אמת, ווי איך, וואָס דורשטן נאָך פריהייט, ווי איך, און ווענעמס קאַמף — איז מיין קאַמף און ווענעמס גורל — מיין אייגענער גורל! מיר וועלן זיגן, רבי!... מיט אונדז איז דער מענטשלעכער שכל, דער מענטשלעכער געדאַנק,

אַט דער ליכטנדיקער פאַקל, וואָס פירט די מענטשהייט צו לייטזעליקייט, פרייהייט און גליק !...

יהושע: (מיט ווייטאָק) ברוך, ווילסט פון אונדז אַוועקגיין ? !...

ברוך: פאַרוואָס אַוועקגיין, רבי ? ! איז דען, חלילה, אַ סתירה פאַראַן צווישן יידישקייט און מענטשלעכן פאַרנונפט ? !...

יהושע: שטות און חילול השם ! (ער שאָקלט מיטן קאָפּ) מאַכסט אַן עבודה־זרה פונעם נישטיקן מענטשלעכן שכל — פון אַט דעם בלינדן, וואָס טאַפּט אין דער פינצטער און ווערט געשטרויכלט איבערן קלענסטן מכשול !... פאַרנונפט — לגבי דער הייליקייט פון כנסת־ישראל ? !... שגעון !... און דער שוך־מויער, וואָס לאַנגע דורות האָבן אויפגעבויט, כדי צו באַשי־רעמען אונדזער אומה, — וועסט אפשר אויך אים זוכן משיג זיין דווקא על פי שכל ? !...

ברוך: יאָ, רבי. זאָל דער רבי נישט נעמען פאַר אומגוט — אַלץ קאָן, אַלץ מוז באַנומען ווערן מיטן מענטשלעכן געדאַנק !... בלויז דאָס איז וואָר, וואָס קאָן דערוויזן ווערן מיט שכלדיקע סברות. אויב דער שוך־מויער איז נישט געבויט אויף שכלדיקן גרונט, האָט ער קיין ממשות נישט, רבי, וועט ער איינפאַלן !...

יהושע: נישטאָ ביי דיר אין האַרצן קיין אהבת־ישראל, ברוך !...

ברוך: איך קען עפּעס העכערס, ווי אהבת־ישראל, רבי — דאָס איז אהבת־אלהים, אהבת־האמת ! קאָן דען די ברענענדיקסטע ליבע פאַרוואַנדלען פאַלש אין וואָרהייט ? !... קאָן מען דען שטילן דעם דורשט נאָך אמת — מיט טויטע אותיות, מיט אַלטע שמות, מיט פאַרגעלבטן פאַרמעט, וואָס איז פול מיט סתירות און, דערצו נאָך, אָפט געפעלשט ? !...

יהושע: (רייסט זיך אויף פון אָרט) ברוך, דער

וואָס אין הימל זאָל זיך אויף דיר מרחם זיין !... כ'האָב נישט געוואוסט, אַז דו ביסט אַוועק שוין אַזוי ווייט... (פויזע ; ער זעצט זיך צוריק) ביסט ווי אַ וואַנזיניקער, וואָס לויפט, מיט אַלע כוחות, צו אַן אָפּענעם אָפּגרונט און קיינער אין דער וועלט איז שוין מער נישט מסוגל אים איינצוהאַלטן. באַדענק זיך, ברוך !... האָב רחמנות אויף זיך אַליין כאָטש, אויב דו טראַכסט שוין נישט וועגן אַנדערע — וועגן רחלען, למשל... שטעל זיך אָפּ, כל־זמן ס'איז ניט צו שפּעט !... תשובה קאָן אויף אַלץ מכפּר זיין !... בויג דעם קאָפּ, ברוך ! דערמאָן זיך — פאַר אָט דעם פאַרגעלבטן פּאַרמעט, פאַר אָט די שמות, האָבן הונדערטער טויזנטער יידן אויסגעהויכט זייערע נשמות אויף שייטערהויפנס, זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם !... איז עס אַלץ געווען אומזיסט ?!... זיב־לאָז ? אומזיניק ?!...

ברוך : רבי, די קדושים האָבן געהייליקט נישט דעם פּאַרמעט, נישט די שמות—נאָר די געבאָטן פון געט־לעכקייט, דעם פרייען מענטשלעכן גייסט, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום ענויים !... און גענוג שוין האָבן מ'ר געברענט אויף שייטערהויפנס, רבי !... גע־נוג געווען אַ פאָלק פון קדושים !... נישט אַזאַ קדושה וויל גאָט !... פאַרלאָשן דאַרפן ווערן די שייטערהויפנס, אַלע שייטערהויפנס אויף דער ערד — דורך דער מענטשלעכער מחשבה, רבי, דורכן אמת, דורך דער פרייהייט !...

יהושע : (שטיל) און אפשר באַשטייט אין דעם אונדזער אויסדערוויילטקייט — צו זיין, פאַר די אומות העולם, ווי דער סנה, וואָס ברענט און ווערט נישט פאַר־ברענט ?...

ברוך : אָבער מיר ווערן דאָך יאָ פאַרברענט, רבי !... וויפל אַש פון אונדזער פאָלק האָבן שוין די ווינטן צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען פון דער ערד !... און — זאָל דער רבי פאַרצייען, — ס'איז קיין שום

אויסדערוויילטקייט נישטאָ!... קיינער האָט אונדז קיינ־מאָל נישט אויסדערוויילט, — נישט אויף געדייען אין לייטזעליקייט, נישט אויף אומצוקומען אין יסורים!...

יהושע: וואָס? דו לייקנסט אין דער בחירה??!...

ברוך: איך לייקן, רבי!... ס׳איז אַן איינריידע־ניש!... מערער — אַ חלול השם!... מיר זיינען נישט בעסער און נישט ערגער פון די אומות העולם!... און מיט אַלע פעלקער גלייך דאַרפן מיר זיין, — אָדער מיר וועלן אינגאַנצן נישט זיין!...

יהושע: אינגאַנצן נישט?!... ברוך — דו גיסט זיך אָפּ אַ חשבון, וואָס דו זאָגסט?!... דו דערלאָזט די מחשבה — אַליין די מחשבה אפילו! — אַז מיר וועלן, חלילה, אינגאַנצן נישט זיין?!...

ברוך: בלויז גאָט איז אייביק, רבי. בלויז די נאַטור איז אייביק, און אייביק זיינען די געזעצן אירע. וויטער איז אַלץ — פאַרגענגלעך. זונען, פּלאַנעטן, אימפּעריעס, פעלקער, מענטשן — אַלץ קומט אויף און אַלץ פאַרגייט...

יהושע: (נאָך אַ ווײַלע שווייגן) ס׳קאָן זיין, כ׳וואָלט געדאַרפט זיך אויפהויבן און אַוועקגיין. אָבער — כרחם אב על בנים... איך בין פאַר רחלען אַ פאָטער, ברוך. און אפשר אויך — פאַר דיר. איך וויל דיך ראַטעווען פון חורבן!... לאָז מיר דיך ראַטעווען!... דו זעסט נישט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט?!.. נאָך קיינמאָל האָט זיך יידיש בלוט אַזוי פיל נישט געגאָסן, ווי אין אונדזערע טעג. נאָך זיינען די שייטערהויפנס נישט פאַרלאָשן אין מאַדריד, אין ליסאַבאָן און אין רוים, ווי אַ העליש פייער האָט זיך אָנגעצונדן אין מלכות־פוילן. הונדערטער בליענדיקע ישובים זיינען חרוב ונחרב גע־וואָרן, הונדערטער טויזנטער נפשות זיינען פאַרשניטן געוואָרן על קידוש־השם. האָסט דאָך געזען ביי אונדז, אין אַמסטערדאַם, די אומגליקלעכע פּליטים, וואָס זיי־

נען קוים ניצול געוואָרן פון די קאָזאַקישע שווערדן.

ברוך: יאָ, רבי.

יהושע: און ווי מיינסטו — דאָס איז אַלץ אומזיסט?!... אומזיסט האָט די פינצטערע ממשלה פון סמאל אַזוי אויסגעשפּרייט אירע שוואַרצע פליגל איבער דער וועלט?!... אומזיסט איז די ערד אַזוי דורכגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, אַז ס'קאָן זיך אויסדוכטן — ס'איז, חלילה, אַ סוף צום פאָלק ישראל?!... קיין זאַך איז נישט אומזיסט!... די חבלי־המשיח זיינען עס!... ס'איז נאָענט דער קץ!... מיר שטייען ערב גאולה!... דער הייליקער זוהר האָט נביאות געזאָגט, אַז אין יאָר 1648 וועט קומען אונדזער דערלייזונג. האָט זיך גראָד דאַן די תוכחה אַ גאָס געטאָן, ווי נאָך קיינמאָל, אויף אונדזערע קעפּ, און מענטשן פון שוואַכן גלויבן האָבן אָנגעהויבן צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון די הייליקע ווערטער. אָבער די נבואה איז מקוים געוואָרן!... ברוך, איך טאָר נישט מגלה סוד זיין, אָבער ס'איז פּקוח נפש. שווער מיר, שווער ביי אַלץ, וואָס דיר איז טייער, אַז דו וועסט וועגן סוד קיין וואָרט אויף די ליפּן נישט ברענגען, ביז ס'וועט קומען די צייט. שווער מיר, ברוך!...

ברוך: איך שווער איך, רבי.

יהושע: (נאָך אַ ווײַלע שווייגן) ברוך, אונדזער לאַנג־אויסגעוואַרטער גואל איז שוין דאָ!... משיח איז שוין געקומען!...

ברוך: (קוקט אים אָן, דערשטוינט) רבי!... וואָס רעדט איר, רבי?!...

יהושע: יאָ, ברוך, יאָ!... געקומען שוין משיח!... געקומען משיח!... זיין נאָמען איז שבתאי, פון הייליקן טאָג שבת, ווייל כולו שבת וועט ווידער ווערן דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק. בלויז יחידי סגולה וויסן דערוויל פון סוד. משיח וויל נאָך נישט נתגלה ווערן.

מיט תעניתים און סגופים פייניקט ער זיין לייב און שטאַרקט זיין נשמה. אין דער מוסולמענישער מדינה לעבט ער, נישט ווייט פון די טויערן פון ירושלים. באַלד וועט אויסשלאָגן די שעה, ברוך!... איך בין אַלט און כ׳ווייס נישט, צי כ׳וועל זוכה זיין צו זען עס מיט מיינע אויגן. אָבער דו וועסט עס זען, ברוך!... אַ סוף וועט נעמען צום ביטערן גלות!... אַ סוף צו אַלע ליידן, צו אַלע עינויים!... קיינער וועט אונדז מער נישט טרעטן מיט די פיס!... קיינער וועט מער נישט פאַרגיסן אונדזער בלוט!... אויס אינקוויזיציע, אויס גרושים, אויס שחיטות!... משיח, משיח איז געקומען!... (ער צעוויינט זיך).

ברוך: (דערשיטערט, פליסטערט) רבי... רבי...

יהושע: פאַר צו אונדזער דערלייזער, ברוך! פאַר צו אונדזער מלך המשיח! איך וועל דיר מיטגעבן בריוו צו זיינע מקורבים. וועסט ווערן אַ שותף צו דער גאולה, וועסט זיין אַ גדול בישראל!... פאַר, ברוך, פאַר!...

ברוך: (ביסלעכווייז געקומען צו זיך) רבי... ווי אַזוי... פון וואַנען ווייסט מען עס?!...

יהושע: שלוחים זיינען געקומען, געהיימע שלוחים פון די קהלות פון טערקיי!...

ברוך: כ׳מיין, רבי... פון וואַנען ווייסט מען, אַז אָט־דער... דער שבתאי איז... משיח?... אויפן סמך פון וואָס?!...

יהושע: כלערליי סימנים זיינען פאַראַן!... גדולי הדור האָבן חלומות געזען!... שבתאי אַליין האָט געוויזן וואונדער!...

ברוך: רבי... זאָל מיר דער רבי מוחל זיין... איך גלויב נישט אין חלומות, איך גלויב נישט אין וואונדער!...

יהושע: גאָט איז מיט דיר, ברוך — דו גלויבסט נישט אין ביאת המשיח?!...

**ברוך:** חלילה, רבי!... איך גלויב! כ׳גלויב אָבער גלייכצייטיק און באמונה שלמה, אַז די גאולה וועט קו־מען נישט פון ניסים און חלומות, נאָר פון מענטשלעכן שכל, פון מענטשלעכן גייסט!...

**יהושע:** און דערווײַלע — וואָס?!... דערווייל — ביז דער מענטשלעכער שכל וועט אויפהערן בלינד צו זיין, ביז דער גייסט פונעם מענטש וועט ווערן מענטש־לעך באמת, זאָל אונדזער פאָלק אויסגיין אין בלוט?!... ווער וועט אונדז אויסלייזן, אויב נישט משיח?!... ניט בלויז, וואָס דיר פעלט אמונה, נאָר דו לייקנסט, דו לייקנסט בפירוש אין נצח־ישראל?!...

**ברוך:** (שטיל, אָבער פעסט) אויב נצח־ישראל דאַרף קומען בלויז פון אַ נס, — וועט קיין נצח ישראל נישט זיין.

**יהושע:** (הויבט זיך אויף) גאָט איז מיין עדות — איך האָב געטאָן אַלץ, וואָס כ׳האָב געקאָנט. איצט בלייבט מיר — בלויז קריעה רייסן. ברוך, ביסט נישט מער קיין ייד!...

**ברוך:** רבי!... זאָל דער רבי מיר פאַרצייען פאַר אַלע עגמת־נפש, וואָס איך האָב אים פאַרשאַפט — נישט ווילנדיק קיינמאָל, איך שווער!... כ׳בין אפשר — אַן אַנדער מין ייד, ווי דער רבי... אָבער איך בין אַ ייד!... אַ ייד, רבי!...

פאָרהאַנג

## בילד דריי

ביינאַכט. אַ פּלאַץ אין אַמסטערדאַם. העלע לבנה־ליכט. די בינע איז ליידיק. פון ווייטן דערטראָגט זיך אַן איינטאָניקער רוף. דאָס איז דער נאַכט־וועכטער; ער באַווייזט זיך באַלד, גייט פּאַמעלעך, טוט אַ קלאַפּ פון צייט־צו־צייט אין אַ מין הילצערנעם קלאַפּער און רופט — אין אַ שטילן, כמעט איינטאָניקן רעטשיטאַטיוו.

נאַכט־וועכטער: (רעטשיטאַטיוו) נאָך עלף דער זייגער!... דער זייגער נאָך עלף!... נאָך עלף! נאָך עלף!... (פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע, ענדערט דעם טאָן) דאָס, פאַרשטיי איך, איז אַ נאַכט!... ליכטיק — כאָטש נעם זיך לייענען אַ מעשה־ביכל,ביים שיין פון דער לבנה!... פריש און וואַרעם — אַ מחיה!... אָט, ווען אַזעלכע נעכט וואָלטן מיר עס געהאַט נישט קיין סך — נו, אַזוי, לאָמיר זאָגן, אַ דריי הונדערט פינף און זעכציק איבערן יאָר — וואָלטן נאַכט־וועכטער אויך געוואוסט, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט!.. (ער לאַכט און גייט איבער אין רעטשיטאַטיוו) נאָך עלף דער זייגער!... דער זייגער נאָך עלף!... נאָך עלף!... נאָך עלף! (גייט פּאַמעלעך אַרויס).

(עס קומען אַריין מאַנועלאַ און רחל, די געזיכטער פאַרשטעלט מיט שאַלן.)

מאַנועלאַ: נו, וואָס ציטערסטו אַזוי, נשמה מיינע?!... דאָס האַרץ דיינס קלאַפּט העכער, ווי דער קלאַפּער פונעם נאַכט־וועכטער!... וועסט באַלד אויפוועקן די גאַנצע שטאָט! פאַרוואָס האָסטו מורא?!... ביסט דאָך מיט מיר!...

רחל: איך האָב נישט מורא, סעניאָראַ... איך

האָב נישט מורא...

מאַנועלאַ: האָסט נישט מורא — און טרייסלסט זיך אײַנגאַנצן. (זי לאַכט) ביסט, זיי מיר מוחל, גאָר אַ ציגעלע! ס׳איז נישט דײַן שולד, איך ווייס, איר וואַקסט דאָ אַלע אויס אַזוי...

רחל: סעניאָראַ, עמעץ גייט דאָרט!... איז עס נישט ברוך?!

מאַנועלאַ: (קוקט זיך איין) ס׳האָט זיך דיר אויסגעדוכט. די ערשטע נאַכט־טרעפונג ביי דיר, איאָ, נשמה־מײַנע?...

רחל: די ערשטע, סעניאָראַ.

מאַנועלאַ: דאָ זינגט מען נישט קיין סערענאַדעס — אַ שאָד!... אַן אומעטיק לאַנד!... אָט, ווען דו וואָלסט געוואוסט, וואָס דאָס הייסט: געזאַנג אין דער נאַכט — געווענדט צו דיר, בלויז צו דיר!... ס׳צענעמט דאָס האַרץ, ווי שטאַרקער וויין. (זי פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און צעלאַכט זיך באַלד) איך שטעל מיך פאָר, ווי ברוך... ווי ברוך וואָלט געזונגען... אַ סערענאַדע... (לאַכט נאָך שטאַרקער).

רחל: (אומדרייסט) סעניאָראַ, מען קאָן נאָך דערהערן...

מאַנועלאַ: ביסט גערעכט. איך רייד צו הויך, איך לאַך צו הויך, עפּעס ווי דער קאָפּ וואָלט זיך מיר געדרייט פון שיכּרות. שוין לאַנג נישט געווען אויף אַ טרעפונג ביינאַכט!... אמת, די טרעפונג איז נישט פאַר מיר, די שטערנס זײַנען נישט אַזעלכע ליכטיקע, ווי אין מײַנע יונגע יאָרן, דער הימל נישט אַזוי טיף — אָבער די שטילקייט איז כמעט די זעלבע און די זעלבע סודותדיקייט פון דער נאַכט. ברוך איז גערעכט, האַרץ מײַנס: יוגנט דאַרף זײַן דרייסט, גיין איר אייגענעם וועג, נישט פאָלגן, וואָס פרומע און גוטע לייט הייסן... פאַרוואָגלט ווערן אין דער פרעמד?!... פרעג

מיך דעם טעם דערפון !... קיין שונא נישט צו ווינטשן !... איך זייט יונג !... מען דארף זיין מוטיק !... (דערמאַנט זיך אין עפּעס, צעלאַכט זיך) און איך, אַלטער נאַר, האָב געגלויבט דער מרשעת, אַז דער נאַפּאָליטאַנער מאַס־אַנדזשעלאָ, ווייסט דאָך, דער, אין וועמענס טראַכט ברוך האָט זיך אויסגעמאָלט אויף זיין פּאָרטרעט, איך האָב איר געגלויבט, אַז מאַס־אַנדזשעלאָ איז געווען אַ ים־רויבער !... אָט, אַן אַלטער נאַר !... (לאַכט).

רחל: סעניאָראַ, האָבן מיר זיך אַמאָל נישט טועה געווען אין אָרט ?... ס'איז שוין שפּעט, און ברוך איז נישטאָ. קומט, לאָמיר אַ קוק טאָן דאָ אַרום !...

מאַנועלאַ: קום, נשמה מיינע, קום !... (גייען ביי־דע אַרויס).

(אַ ווײַלע בלייבט די בינע ליידיק, באַלד שלייכט אַריין, פּאַרזיכטיק, גבריאל).

גבריאל: דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: רחלען דראָט אַ סכנה !... ער וויל זי פּאַרפירן, פּאַרנאַרן צום שמד... די אַלטע מאַנועלאַ איז די שליחטע פון גי־הינום !... רבונו של עולם, גיב מיר כוח בייצושטיין די סטרא־אחרא !... גיב מיר כוח !... (ער וויל אַרויס־גיין אין דער זעלבער ריכטונג ווי רחל און מאַנועלאַ, אָבער עס דערטראָגן זיך פון דאָרט שטימען; ער ציט זיך שנעל צוריק און פאַרשווינדט אין דער קעגנדיקער זייט; ס'קומען אַריין מאַנועלאַ, רחל און, מיט זיי, ברוך).

מאַנועלאַ: שנעל, טייבעלעך מיינע, שנעל !... קיין סך צייט איז אונדז שוין ניט געבליבן !... איך וועל וואַכן איבער אייך !... (זי גייט אַרויס).

ברוך: רחל, האָסטו צוטרוי צו מיר, גלויבסטו אין מיין ערלעכקייט ?...

רחל: מיטן גאַנצן האַרצן, ברוך.

ברוך: איך האָב געמיינט: ס'איז מעגלעך צו בויען אַ נײַ לעבן, נישט ברעכנדיק דאָס אַלטע, נישט

ענדערנדיק דעם גאַנצן לויף פון טאָג־טעגלעכן שטיי־גער. כ׳האָב זיך טועה געווען. ס׳איז נישט מעגלעך. מען מוז אויסקלייבן... מען מוז אָפּזאָגן זיך — אָדער פונעם נייעם, אָדער פונעם אַלטן!... איך האָב מיין אויס־וואַל געמאַכט. כ׳האָב אויסגעוויילט — באַנייאונג. רחל, ווילסטו גיין צוזאַמען מיט מיר אויף דעם דאָזיקן וועג, וואָס איז זוניק־העל, אָבער שווער און פול מיט דער־נער?!...

רחל: ברוך... (זי קוקט אים אָן אַ ווײַלע אין די אויגן) ליבע הייסט — קרבן, נישט אמת?...

ברוך: יאָ, רחל...

רחל: איז וואָס פאַר אַ קרבן ביסטו גרייט — ביסטו ווען נישט איז גרייט געווען — פאַר מיר צו ברענגען?!... זאָגסט, האָסט דיין אויסוואַל געמאַכט. איך פאַרשטיי עס. אָבער דיין וועג האָסטו אויסגע־ווילט — פאַר זיך בלויז, צי אויך פאַר מיר?!...

ברוך: פאַר אונדז ביידן...

רחל: דו ווייסט גוט, ווי איך האָב מורא פאַר מחלוקת, פאַר צאַנקערייען!... מיין טרוים איז — אַ פרידלעכע נעסט! וואו עס זאָל נישט זיין!... אין עק וועלט אפילו! לאָמיר אַוועקפאָרן פון דאַנען! (ער שווייגט) לאָמיר אַוועקפאָרן, ברוך!...

ברוך: ניין, רחל. דאָ וועלן מיר בויען אונדזער היים.

רחל: דאַרף ווידער דער קרבן זיין — מיינער?!...

ברוך: רחל, איך קאָן נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד!... איך קאָן נישט!... דאָ קלאַפּט היינט דער פּולס פון דער פרייהייט, דער פּולס פון דער וועלט!... (ליידנשאַפטלעך) כ׳וויל נישט אויפגעבן דעם קאַמף, כ׳וויל זיך נישט אונטערגעבן!... צווינג מיך נישט דערצו, איך בעט דיך!... (פויזע, שטילער) און דו אַליין, רחל, פאַרוואָס

זאָלסטו װעלן זיך שײדן מיטן אָרט, װאו יעדער שטײן איז דיר באַקאַנט און אײגן ?!... קאָן דען זײן ערגעץ־װאו אויף דער ערד נאָך אַ שטאָט פון אַזאַ שײנקײט, װי אונדזער אַמסטערדאַם ?!... װילסט זיך שײדן מיט אָט־די גאַסן, מיט די בריקן, מיט די קאַנאַלן, מיט דער מילדער ליכט פון אַמסטערדאַמער הימל ?!...

רחל: איך װיל זיך שײדן — מיט אומגליק, ברוך!... זײ װעלן דיך מחרים זײן!...

ברוך: זײ האָבן נישט קײן רעכט!... כ'האָב צו־געגרײט אַן אויספֿירלעכע שריפֿט פֿאַרן בית־דין!... איך װײז אויף, מיט די גרינטלעכסטע סברות פֿון דין און פֿון שכל, אַז זײ האָבן נישט קײן רעכט!...

רחל: מײנסטו, דײנע גרינטלעכע סברות װעלן דעם בית־דין בויגן ?

ברוך: איך האָף אַזױ.

רחל: און אויב אָבער נישט ?

ברוך: איז פֿאַרפֿאַלן!... עס שרעקט מיך נישט מער זײער חרם!...

רחל: װאָס ?!...

ברוך: נײן, ער שרעקט מיך נישט מער!... איך בין מער נישט אַלײן!... און ס'איז נישטאָ אַזאַ קראַפֿט אויף דער װעלט, װאָס זאָל קאָנען מיך אויסרײסן פֿון יאָדנבורט — אָפּשײדן מיך פֿון די רבנים, יאָ, אפשר, אָבער נישט פֿון מײנע ברידער, װײל דער אמת איז מיט מיר און נישט מיט די רבנים!... רחל (ער נעמט די אָרום) האָב נישט מורא!... כ'װעל זיך לערנען אַ מלאכה, כדי צו פֿאַרדינען ערלעך אונדזער ברויט!... מײנע פֿרײנט װעלן מיר העלפֿן!...

רחל: דײנע קריסטלעכע פֿרײנט!...

ברוך: די פֿרײהײט־ליבנדיקע קריסטן זײנען מיר מער ברידער, װי די רבנים, װאָס האָבן געכטן מיך

געמסרט און ווילן מאַרגן מיך פאַרשטיינען!...

רחל: ברוך!!!... (כמעט אינסטינקטיוו, ציט זי זיך אַרויס פון זיינע אָרעמס) איך בין אַ יידיש קינד!...

ברוך: אויך איך בין עס, רחל!... לאָמיר פאָלגן מאַנועלאַן!... צו בית־דין וועל איך מאָרגן נישט גיין. און אויך נישט וואַרטן, מען זאָל מיך פון שטאָט פאַר־שיקן. גלייך באַגינען וועל איך אַרויספאָרן קיין אָו־וערקערק. דער אַלטער עוזיאל, וואָס איז אויפזעער פון יידישן בית־עולם, קען מיך נאָך פון קינדוויין אָן. ביי אים וועל איך מיך אויפהאַלטן. צו די רבנים וועל איך שיקן מיין צוגעגרייטע שריפט. דו וועסט אַרויס־פאָרן קיין אָוּאוּוערקערק, מיט מאַנועלאַן, מיטאָג־צייט. וועסט איבערלאָזן אַ בריוו דעם זיידן, אַז דו פאָרסט צו מיר, ווייל מען האָט מיך פאַרטריבן פון שטאָט. זיי וועלן דעם חרם נישט אויסרופן — אויב נים צוליב מיר, איז צוליב דיין זיידן. און אין אָאוּוערקערק ווען
מיר, איז צוליב דיין זיידן. און אין אָאוּוערקערק ווען
פערסטו גאָרנישט?!...

רחל: (שטיל) איך ווייס נישט, וואָס דיר צו זאָגן, ברוך...

ברוך: ביסטו מסכים?!... דער פלאַן איז מאַ־נועלאַס, נישט מיינער. מיר וואָלט ליבער געווען צו גיין אָפן, אָבער מאַנועלאַ איז, אין תוך, גערעכט. אויב מיר ווילן אויסמיידן דעם חרם, האָבן מיר קיין ברירה נישט. ביסטו מסכים, זאָג!... וועסט קומען?!...

רחל: כ'האָב מורא, ברוך... (און אין אַן אויס־ברוך פון געוויין) אויך פאַר דיר האָב איך מורא!... אָפט ווייזט זיך מיר אויס — איך קען דיך גאָרנישט... כ'קוק דיך אָן — ביסט געוואָרן אַזאַ ווייטער, פונקט ווי דו וואָלסט געלעבט אין אַן אַנדער וועלט... אויף דיינע געדאַנקען, ווייס איך, קאָן איך קיין שליטה נישט האָבן. איך פאַרשטיי זיי נים שטענדיק, כ'בין מודה. אָבער

די טרוימען דיינע, ברוך ? !... פאַרנעם איך כאָטש דאָס קלענסטע אָרט אין זיי ? !... ברוך !... (זי נעמט אים אַרום, הייס) דו ווילסט באמת — באמת ? ! — איך זאָל קומען מאָרגן, קיין װאָרעקערק ? !...

ברוך: פאַרוואָס פרעגסטו, רחל ? !...

רחל: איך ווייס פאַרוואָס !... ברוך, איך בעט דיך, באַטראַכט זיך גוט, קוק אַריין טיף אין דיין האַרצן !... אויב דו ביסט נישט זיכער, זאָג עס מיר !... אויב דו האָסט אַ ספק, פאַרבאַהאַלט דאָס נישט אויס !... גלויבסטו טאַקע, אַז דער וועג, וואָס דו האָסט אויסגעוויילט, קאָן זיין אויך מיין וועג ? ! און אפשר ביסטו זיך טועה ? אפשר וועל איך גאָר זיין אַ לאַסט פאַר דיר, אַ שווערע לאַסט, וואָס וועט באַלד דיר ווערן אומדערטרעגלעך ? ! מיין גאַנץ לעבן שטייט דאָך אין קאָן !... ביי דיין ערלעכקייט, ברוך, ביי דער ריינקייט פון דיין נשמה, שווער מיר — דו ווילסט, איך זאָל קומען צו דיר ? !... איך זאָל אַוועק פון שטוב, פאַרשעמען די עלטער פון זיידן — און קומען צו דיר ? !...

ברוך: (שטיל) יאָ, רחל, איך וויל עס !

רחל: מיטן גאַנצן האַרצן באַגערסטו עס, מיט דיין גאַנצן נפש — שטאַרקער און מערער, ווי אַלץ אויף דער וועלט ? !...

ברוך: (הייס) מיט מיין גאַנצן האַרצן, רחל, מיט מיין גאַנצן נפש !... פונקט אַזוי שטאַרק, ווי איך באַגער די וואַרהייט צו דערגרייכן, פונקט אַזוי שטאַרק, ווי איך באַגער צו דערקענען גאָט !...

רחל: (פליסטערנדיק) וועל איך קומען...

ברוך: מאָרגן בייטאָג, מיט מאַנועלאַן...

רחל: יאָ, ברוך. (זי נעמט אים אַן פאַר אַ האַנט און אומדרייסט) אָבער... געדענק... וועסט מיך נישט ברענגען — צו שמד ? !...

ברוך: (ציטערט אויף) רחל!... דו אויך?!... פונקט ווי זיי אַלע?!... איך — צו שמד?!...

(פון לינקס באַווייזט זיך פלוצלינג גבריאל.)

גבריאל: יאָ, צו שמד!... אשמדאי!... ער לויפט צו ברוכן).

רחל: (דערשראָקן) גבריאל!...

ברוך: לויערסט ביינאַכט אויך, דו, מסור?!...

גבריאל: מיינסט, האָסט שוין אויסגעפירט דיינס?!... אַ יידישע טאָכטער מיט כישוף פאַרנאַרט, אויף איבערגעבן זי דעם שר פון דער טומאה?!... אין גיהינום צוריק, סמאל!... צו די סמאַלע־פלאַמען, פון וואַנען דו ביסט אויף דער וועלט געקומען!... פגר, ווי אַ הונט!... (ער כאַפּט אַרויס אַ קינזשאַל, וואַרפט זיך אויף ברוכן).

ברוך: אַ מעסער?!

רחל: גבריאל!!... (וואַרפט זיך צו אים).

ברוך: (כאַפּט אָן גבריאלן פאַר דער האַנט) געשיקט דיך, זאָלסט מיך דערהרגענען, וואָס?!... חרם איז נישט גענוג — בלוט דאַרפן די רבנים?!...

רחל: (פרואווט זיי צעשיידן) גבריאל!... ברוך!...

גבריאל: אין גיהינום וועט ער גיין!... (זיי ראַנגלען זיך).

רחל: (שרייט) סעניאָראַ מאַנועלאַ!... סעניאָראַ מאַנועלאַ!...

מאַנועלאַ: (באַווייזט זיך תיכף) וואָס איז געשען?!... (זי אָריענטירט זיך שנעל, לויפט צו צו גבריאלן, רייסט אַרויס ביי אים דעם קינזשאַל, שלייַדערט אים אָוועק און צעלאַכט זיך) הידאַלגאָס!... ווי אין די אַלטע, גוטע צייטן!...

רחל: (דערשראָקן) סעניאָראַ מאַנועלאַ...

מאַנועלאַ: **אבי איך האָב געמיינט, אַמסטל־וואַסער פליסט אין זייערע אָדערן...** (זי רייסט אָפּ גבריאלן פון ברוכן) **נו, גענוג!... גענוג, קאַבאַליעראָס!...**

ברוך: (אָטעמט שווער) **דורכגעשטאָכן מיר די העמד...**

רחל: **פאַרוואונדעט?!...**

גבריאל: **איך מוז אים טויטן!... איך וועל אים טויטן!...** (וואַרפט זיך ווידער אויף ברוכן).

מאַנועלאַ: **משוגע!...**

רחל: **גבריאל!...**

מאַנועלאַ: **דער נאַכט־וועכטער גייט!... מער פעלט נישט, ער זאָל אונדז דאָ אַזוי טרעפן!... פאַרשווינדט!... שנעל!...** (זי שטופּט זיי אַרויס, יעדן אין אַן אַנדער אָרט).

גבריאל: **איך וועל אים...**

מאַנועלאַ: **שטיל!...** (גבריאל גייט אַרויס; מאַנועלאַ מיט רחלען, שנעל, נאָך אים).

נאַכט־וועכטער: (באַווייזט זיך, גייט פּאַמעלעך דורך דער בינע און, אין גשוויינלעכן רעטשיטאַטיוו) **באַלד צוועלף דער זייגער!... דער זייגער באַלד צוועלף!... באַלד צוועלף, באַלד צוועלף!...** (ער קלאַפּט אַמאָל־צוויי אין זיין קלאַפּער און חזרט שטיל, ווי אין האַלב־שלאָף) **דער זייגער באַלד צוועלף!... באַלד צוועלף!...**

פאָרהאַנג

# פערטער אַקט

## בילד איינס

אַ פּלאַץ אין אַמסטערדאַם. ס׳קומט אַריין דער זשאַנדאַרם וואַן־קיפּער און, מיט אים, אַ פּאַרטרויערטער, ענריקעז. וואַן־קיפּער האַלט אין מיטן דערציילן עפּעס, קענטיק מיט גרויס הנאה.

וואַן־קיפּער: זאָג איך אים: פּע, זאָג איך, טיגעלש!... וואָלסט זיך געמעגט שעמען, זאָג איך, טיגעלש!... ווי פּאַסט עס פאַר אַזאַ ערנסטן מאַן, פאַר אַזאַ חשובן מוכר־ספרים, ווי דו, אַרויסצושטעלן אַזאַ שילד איבערן געוועלב?!... ס׳איז דאָך, זאָג איך, אַ חלול השם!... מאַכט ער זיך צוערשט אינגאַנצן כלאַ־ידע. וואָס, זאָגט ער, וואַן־קיפּער, וואָס וואַרפסטו עס אַזוי פאַר מיין שילד?!... איך האָב אויף אים געלאָזט אויסמאָלן העכסט־גאָטספאַרכטיקע ווערטער: אַז גאָט איז גאָט גלויב איך — נישט אויסגעטראַכט איז גאָט... ווער איך שוין אין כעס. טיגעלש, זאָג איך, פון ווע־מען מאַכסטו חוזק, טיגעלש?!... גאַנץ אַמסטערדאַם קומט דאָך לייענען דיין שילד און מען לייענט בפירוש: אַז גאָט איז גאָט גלויב איך נישט — אויסגעטראַכט איז גאָט!... געהערט אַביסל, ענריקעז, האַ?!... אויס־געטראַכט איז גאָט!...

ענריקעז: (זיפצט) איי־איי־איי!...

וואַן־קיפּער: מאַכט ער, דער טיגעלש: עס ווענדט זיך, מאַכט ער... אַלץ ווענדט זיך פונעם אָפּ־שטעל־צייכן!... האַקסטו אַריין, זאָגט ער, אַ קאָמאַ נאָך „גלויב איך״, איז גאָט אומבאַדינגט אַ גאָט; קומט אָבער ביי דיר די קאָמאַ אַ וואָרט וויטער — איז אויף

דיר די עבירה !... קוק איך אים אָן, ווי משוגע. טיגעלש, זאָג איך, צי גאָט איז יאָ אַ גאָט, צי נישט — איז גאָר ביי דיר אָפּהענגיק פון אַ קאָמאַ ?!... און אגב, זאָג איך, וואָס־מיר קאָמאַ, ווער־מיר קאָמאַ, האָסט דאָך בכלל אויף דיין שילד קיין קאָמאַ נישט געשטעלט !... טוט ער נישט קיין פינטל מיטן אויג. נאַטירלעך, מאַכט ער, האָב איך נישט געשטעלט !... האָלאַנד איז אַ פרייע מדינה, יעדער קאָן שטעלן די קאָמאַ — וואו ער וויל !... נו, גיי איך שוין אַרויס פון די כלים !... מיר, זאָג איך, טיגעלש, דערצייל נישט קיין מעשה וועגן פרייהייט !... אויף דערויף, זאָג איך, בין איך אַ זשאַנדאַרם, איך זאָל וויסן, וואָס פרייהייט איז !... שיין זעען מיר אויס, האַ, ענריקעז ?!...

ענריקעז : (זיפצט, ווי פריער) איי־איי־איי !...

וואַן־קיפּער : איר פאַרשטייט ?!... אַז גאָט איז גאָט גלויב איך — קאָמאַ — נישט אויסגעטראַכט איז גאָט... אָבער, אַז גאָט איז גאָט גלויב איך נישט — קאָמאַ — אויסגעטראַכט איז גאָט !... קומט אויס, דער גאַנצער סוד פון דער גאָטהייט ליגט גאָר — אין אַ קאָמאַ !... די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן — דורך אַ קאָמאַ !... דאָס לעבן איז — אַ קאָמאַ !... דער מענטש איז — אַ קאָמאַ !... שאַט, אפילו דער זשאַנדאַרם וואַן־קיפּער איז שוין אפשר באַלד — אויך נישט מער ווי אַ פּשוטע, גראָבע קאָמאַ !... (ער קייכט פאַר געלעכטער, קוקט זיך אַרום, אַז ענריקעז איז כסדר פאַרטרויערט) וואָס איז ענריקעז ?... וואָס זייט איר עפּעס אַזוי מרה־שחורה־דיק היינט ?... די שיפן זיינען אייך אונטערגעגאַנגען ?!... אייערע פראַכטן פון וועסט־אינדיע זיינען דערטרונקען געוואָרן ?!...

ענריקעז : איי, מיינהער וואַן־קיפּער, אַן אָרעמאַן — איז שוין גלייכער, אַז ער ווערט נישט געבוירן !...

וואַן־קיפּער : אַנטקעגן וועמען זאָגט איר עס ?!... נישט וועגן אייך ?!...

**ענריקעז:** עט, איך!... איך האָב מיינע יאָרן שוין אָפּגעלעבט... (שאָקלט מיטן קאָפּ) הערט מיינע רייד, וואַן־קיפּער — ס'איז משיח־צייטן!...

**וואַן־קיפּער:** וואָס?!... ווידער שוין — משיח?!... (און פּלוצלינג צעלאַכט ער זיך) שאַט, ענריקעז, און אפשר איז גאָר אייער משיח אויך נישט מער ווי אַ קאָמאַ, האַ?!...

**ענריקעז:** בייסט זיך אָפּ גלייכער דעם צונג!...

**וואַן־קיפּער:** און פון וואַנען ווייסט איר, אַז נישט?!... אויב גאָט קאָן זיין אַ קאָמאַ, דער גן־עדן — אַ קאָמאַ, דער גיהינום — אַ קאָמאַ, טאָ פאַרוואָס נישט אייער משיח?!... (ער לאַכט מיט אַ מעכטיק געלעכטער כאַפּט דער רוח אַלע אפּיקורסים און אַלע אָפּשטעל־צייכנס!...

**ענריקעז:** איי־איי־איי!...

**וואַן־קיפּער:** נו, מילא, נעמט זיך עס ווידער נישט אַזוי צום האַרצן!... שאַט, ווייסט איר וואָס, ענ־ריקעז? לאָמיר גאָר זיך אַריינכאַפּן טרינקען אַ קריגל ביר!... אמת, איך דאַרף גיין איבערגעבן, אין יאָדנ־בורט ביי אייך, צו עפּעס אַן אפּיקורוס דאָרט, אַ באַ־פעל פון שטאָט־ראַט צו פאַרלאָזן אַמסטערדאַם. אָבער נישקשה, דער אפּיקורוס וועט נישט אַנטלויפן! ס'איז נישט קיין מכשפה, וואָס פליט רייטנדיק אויף אַ בעזים!... קומט כאַפּן אַ טרונק!... וועט מען, אגב, זען באַשיינפּערלעך, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, וואָס מיר זיינען: זשאַנדאַרמען צי קאָמאַס?!... ווייל, וואָס ווי וואָס, גוטער ברודער — און מעגן די אפּיקורסים זיך שטעלן אויפן קאָפּ און דערטראַכטן זיך צו די ערגסטע טייוולאָנישע שטיק — איין זאַך אָבער וועלן זיי אַ קרענק אויסטראַכטן: אַ קאָמאַ, וואָס זאָל טרינקען ברויּ־נעם אַמסטערדאַמער ביר!... קומט, ענריקעז, קומט!... איך באַצאָל!... (ער לאַכט, גייט פאַמעלעך; ענריקעז, אַן אומעטיקער, גייט אים נאָך).

פאָרהאַנג

# ב י ל ד  צ ו ו י י

אין אָואָווערקערק, אַ דערפל ביי אַמסטערדאַם. דער גרעס־טער טייל פון דער בינע שטעלט פאָר אַ יידישן בית־עולם, מיט ביימער און גרינס. וואו־נישט־וואו הויבט זיך אַרויס אַ מצבה. רעכטס — אַ פאַרקאַן מיט אַן אריינגאַנג־טויערל. פאַרביי דעם פאַרקאַן, שוין אויסערן בית־עולם, ציט זיך אַ וועג, וואָס פירט צום דאָרף. ס'איז אַ ליכטנדיקער זומער־פאַרנאַכט.

עוזיאל, דער אַלטער בית־עולם־אויפזעער, גייט אַרום צווישן די קברים, באַגיסט בלומען און שמועסט פרידלעך מיט ברוכן, וואָס זיצט אויף אַ באַנק, אַנגעשפּאַרט אין פאַרקאַן.

עוזיאל: (מיט אַ מילדן שמייכל) קאָנסט זיך זאָגן, וואָס דו ווילסט, ברוך, אָבער אַז מען קומט אויף קבר־אבות — טאָר מען זיך נישט איילן!...

ברוך: איך איל זיך נישט, סעניאָר עוזיאל...

עוזיאל: מיינסט, איך זע נישט!... איך זע, איך זע, ברוך!... רק דו קוקסט אַהער, קוקסט אַהין, דרייסט זיך נעבעך אויף דער באַנק, ווי ס'וואָלט עפּעס געברענט אונטער דיר... (ער לאַכט) האַלטסט כסדר אין איין פרעגן ביי דער זון — ווי שפּעט איז איצט!... וואָס ווילסטו, זי זאָל דיר ענטפערן, די זון?!... זי גייט איר וועג!... אָט, באַלד וועט זי זיך זעצן, וועט זיין פאַרגאַנגען נאָך אַ טאָג...

ברוך: מען האָט געדאַרפט קומען צו מיר אַהער, סעניאָר עוזיאל, בין איך אַביסל אומגעדולדיק.

עוזיאל: אויך אומגעדולדיק דאַרף מען דאָ נישט זיין!... ווי הייסט ביי אונדז דאָס הייליק אָרט, האַ, ברוך — ביסט דאָך אַ געלערנטער?!... בית־החיים, דאָס הויז פון אייביק לעבן!... נישטאָ דאָ קיין געאייל,

נישטאָ קיין אומגעדולד — ס'איז אייביק !...

ברוך: סעניאָר עוזיאל, שוין לאַנג ווי איר וואוינט אַזוי דאָ, אויפֿן בית־הקברות ?...

עוזיאל: איך ?!... (ער צעלאַכט זיך) ביסט נאָך, ברוך, אויף דער וועלט נישט געווען, בעת איך האָב שוין דאָ געוואוינט. אָט, טאַקע אינעם זעלבן הייזל. (ער ווייזט אויפֿן הינטערגרונט) נאָך פֿון די צייטן פֿון דיין זיידן, עליו־השלום. האָסט נישט געקענט דעם זיידן דיינעם, וואָס ?...

ברוך: ניין, סעניאָר. כ'האָב אים נישט געקענט.

עוזיאל: נו, געוויס !... נישט פֿאַר דיינע יאָרן !... אייגנטלעך, ווי אַלט ביסטו, ברוך ?...

ברוך: פֿיר־און־צוואַנציק יאָר.

עוזיאל: יאָ, יאָ... און דיין זיידע, דיר צו לאַנגע יאָר, איז אויפֿן עולם־האמת שוין באַלד אַ יאָר דרייסיק. אַ שאָד, וואָס דו האָסט אים נישט געקענט !... אַן אַדע־ליקער געווען !... כמעט אַ לאַנדסמאַן מיינער, פֿון דער זעלבער געגנט. אין איין צייט געקומען קיין נידער־לאַנד, פֿון פּאָרטוגאַל. דאָס האָט טאַקע דער זיידע דיי־נער מיך דאָ אַריינגענומען — ער איז געווען פּרנס און גבאי פֿון בית־הקברות. אַ שטאָלצער מאַן, אָבער אַ יושרדיקער !... נישט פֿאַרטראָגן קיין שום עוולה — אפֿילו נישט בנוגע אשכּנזים ! און שטענדיק — סע־ניאָר !... גוט־מאָרגן, סעניאָר עוזיאל, גאָט־העלף, סע־ניאָר עוזיאל, קיינמאָל סעניאָר נישט פֿאַרפֿעלט !... יאָ, אַן אמתער אדלמאַן !... אָט דאָרט ליגט ער... (ווייזט אויפֿן הינטערגרונט) נישט ווייט פֿון דיין פֿאָטער, עליו־השלום. דאָ רוט דיין גאַנצע משפּחה, ברוך — די מו־טער, די ברידער, די שוועסטער... און דו וועסט דאָ אויך רוען, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען ס'וועט קומען דיין שעה. די מוטער דיינע, עליה השלום, גע־דענקסטו נאָך ?

ברוך: יאָ, סעניאָר. כ׳געדענק זי גוט.

עוזיאל: אַ צדקניות געווען!... און אַ פּאַרשוין, אַ פּאַרשוין!... שוואַך אין געזונט — צו־פרי אַוועק פון דער וועלט...

ברוך: סעניאָר עוזיאל, איר לעבט דאָ — אינ־גאַנצן אַליין?...

עוזיאל: יאָ, אַליין.

ברוך: שוין לאַנג אַזוי?

עוזיאל: הם... אַ יאָר צען... פון זינט מיין אַלטע איז אַוועק אין איר אייביקער רו...

ברוך: און ס׳איז ניט שווער... ס׳איז אייך נישט אומעטיק צו לעבן איינזאַם?...

עוזיאל: איינזאַם!... פאַרוואָס איינזאַם?!... (ער לאַכט) רעדסט, זיי מוחל, ווי אַ קינד!... אַז מען איז יונג, און די אַקסלען זייַנען נישט באַלאָדן מיט דער לאַסט פון יאָרן — איז מען ווי אַ קלעטער־פלאַנץ, וואָס זוכט אָנשפּאַר, אָנהאַלט אין זייטיקע. אָבער אַז עס זעצט זיך אויף דיר די משא פון אַ לאַנג לעבן, ווערט מען ווי אַ בוים, וואָס ציט זיין חיונה פון דער טיף, מיט אייגענע וואָרצלען... און ווער רעדט, אַז ס׳איז דאָ יראת־שמים, אַז מען האָט גאָט אין האַרצן — איז מען דאָך אַוודאי נישט איינזאַם!... שוין יאָרן, ווי איך פאָר אפילו נישט קיין אַמסטערדאַם, חוץ אויף ימים־נוראים. ס׳איז טאַקע נישט ווייט, אַ מיילן צען — אָבער צו וואָס פאָרן?!... מען קומט צו מיר!... (ער לאַכט) אַלע מיי־ניקע זייַנען דאָ, און ווער עס פעלט, וועט קומען, ביש־קשה!... (ער לאַכט) אָט איז אויך מיין פּלאַץ. (ער ווייזט אָן אויף דער ווייטן) שוין אָנגעגרייט, נעבן דער אַלטער מיינער. ס׳איז גוט אַזוי, ווען מען ווייסט, אַז נאָך אַ לאַנגן וועג, קומט מען אויף נאַכטלעגער צווישן איי־גענע. ס׳איז היימלעכער. נישטאָ קיין מורא פאַרן טויט.

ברוך: אַ פאַרנונפטיקער מאַן טראַכט ווייניקער

פאַר אַלץ — וועגן טויט. מען דאַרף דאָס לעבן באַ־דענקען !...

עוזיאל: נו, יאָ, אָבער וואָס איז עס שוין, משטיינס געזאָגט, פאַר אַ לעבן, אויב מען האָט נישט כסדר איבזינען דעם טויט ? !... (ער דערמאָנט זיך עפּעס, בייט דעם טאָן) זאָג נאָר, ברוך, איז עס אמת, וואָס מען רעדט — אפילו צו מיר איז עס דערגאַנגען — אַז דו ביסט אַ שטיקל אפּיקורוס ?...

ברוך: ניין, סעניאָר. ס'איז נישט אמת. איך האָב ליב די וואָרהייט. דאָס איז אַלץ.

עוזיאל: דאָס איז גראָד נישט קיין חסרון !... דיין זיידע, עליו־השלום, איז אויך געווען אַ מאַן פון וואָר־הייט. אָבער צו אמונה קומט עס נישט !... אמונה איז הייליק !... ווייסט, מיר זיינען מיט דיין זיידן קוים מיטן לעבן אַנטרונען פון דער אינקוויזיציע, ימח שמה !... (דערמאָנט זיך עפּעס ווידער, צעלאַכט זיך) האָסט טאַקע געזאָגט, ברוך, אַז ס'איז נישטאָ קיין השארת־הנפש, אַז נאָכן טויט בלייבט פון אונדז גאָרנישט ? !... (געלעכטער) ביסט, זיי מיר מוחל, אַ יינגל, ברוך !... (געלעכטער) דו פרעג מיך בעסער, איך לעב דאָ מיט די טויטע, איך רייד מיט זיי, איך הער, ווי זיי גייען ביינאַכט פון די קברים אַרויס !... גיי, ביסט נאָך באמת אַ יינגל, ברוך, גאָר אַ יינגל !... (ער לאַכט נאָך שטאַרקער).

(אין אַריינגאַנג־טויערל באַווייזט זיך ענריקעז).

ענריקעז: גאָט־העלף, סעניאָר עוזיאל !...

עוזיאל: (דערפרייט זיך) סעניאָר ענריקעז !... אַ גאַסט, אַ גאַסט !... גאָט־העלף, סעניאָר ענריקעז !... אַ טאָג פון אָנגעלייגטע געסט !... זעט, ווער ס'איז נאָך דאָ ביי מיר — ברוך !... ברוך דעספּינאָזאַ, דער אייניקל פון סעניאָר אברהם !...

ברוך: גאָט־העלף, סעניאָר ענריקעז...

ענריקעז: (קוקט זיך נישט אום אויף ברוכן) סע־

ניאָר עוזיאל, איך קום צו איך אין שליחות פון בית־דין און פון די סעניאָרן פּרנסים.

**עוזיאל:** אין שליחות?!... אַ, וואָ־וואָ!... נישט אַרויסוואַרפן מיך אַמאָל, אויף די עלטערע יאָר, האָ?... נו, זאָגט, ענריקעז, זאָגט וואָס זיי פאַרלאַנגען פון מיר, די סעניאָרן רבנים און פּרנסים!...

**ענריקעז:** נישט דאָ, סעניאָר עוזיאל...

**עוזיאל:** און פאַרוואָס נישט דאָ?!... פאַר די מתים מיינע האָב איך נישט קיין סודות!... נו, און דער אייניקל פון סעניאָר אברהם דעספּינאָזאַ איז דאָ אַוודאי ניט קיין פרעמדער!...

**ענריקעז:** נעמט נישט פאַר אומגוט, סעניאָר עוזיאל... קומט מיט מיר אַריין צו איך אין הויז אַ רגע... (ער נעמט אָן עוזיאלן פאַר אַ האַנט און גייט, כסדר, ווי נישט באַמערקנדיק ברוכן; עוזיאל קוועטשט מיט די אַקסלען, שמייכלט, גייט אים נאָך; זיי פאַרשווינדן ביידע אין הינטערגרונט).

**ברוך:** (אַליין) ס'האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס... מאַנועלאַ און רחל זיינען נישט געקומען... באַלד וועט צופאַלן דער אָונט... די לעצטע שיף אַהער איז שוין מסתמא אַוועק פון אַמסטערדאַם... און ענריקעז איז עפּעס מאָדנע אַזוי...

(אויפן וועג, וואָס פירט פון דאָרף, באַווייזט זיך מאַנועלאַ; זי לויפט, אָן אָטעם, צעשויבערט, און מורמלט האַלב אויפן קול: ברוך, ברוך, ברוך!... ברוך דערהערט פלוצלינג איר שטימע, לויפט צו צום טויערל; מאַנועלאַ פאַלט אים אַרויף אויפן האַלדז, ברעכט אויס אין אַ געוויין, מורמלענדיק אָן אויפהער: ברוך...).

**ברוך:** מאַנועלאַ!... מאַנועלאַ!... וואָס איז געשען?!... (ער נעמט זי אַריין אינעווייניק, זעצט זי אַני־דער אויפן באַנק) **וואָס האָט פאַסירט, מאַנועלאַ?!...**

**מאַנועלאַ:** (נעמט אים אַרום, דריקט אים צו זיך, מיט אירע גאַנצע כוחות) **ברוך!... דער חרם!... זיי**

האָבן אויסגערופן דעם חרם!...

ברוך: (ווערט ווי פאַרשטאַרט) דער חרם?!...

מאַנועלאַ: ביי שוואַרצע ליכט!... מיט שופרות!... ביז וואַנען מיינע אויגן וועלן זיין אָפן וועל איך עס נישט פאַרגעסן!... (זי וויינט יאָמערלעך און פלוצלינג, דריקנדיק נאָך שטאַרקער ברוכן צו זיך) ברוך, איך וועל קיינעם נישט הערן! קיין זאַך נישט פאָלגן!... איך וועל גיין מיט דיר, וואו דו וועסט גיין!... איך וועל זיין מיט דיר, וואו דו וועסט זיין!...

ברוך: (מיט ציטערדיקע ליפּן) מאַנועלאַ... און רחל?!... וואו איז רחל?!...

מאַנועלאַ: נישט געקומען, רחל... גבריאל האָט אַלץ דערציילט רבי יהושען... אין מיטן נאַכט אים אויפגעוועקט... זי איז געווען ביי מיר, רחל... האָט געוויינט... ווי תמיד... געבעטן, זאָלסט איר מוחל זיין...

ברוך: (שטיל) כ׳זאָל איר מוחל זיין?!... און דאָס אַלץ?!... מער גאָרנישט געהייסן מיר איבערגעבן?!...

מאַנועלאַ: נאָך געבעטן — זאָלסט זי פאַרגעסן... זי זאָגט — דיר ווייזט זיך בלויז אויס, אַז דו האָסט זי ליב... דו דאַרפסט זי נישט... זי וויל דיר נישט זיין צו לאַסט... פאַרגעס זי, ברוך!... אָ, זי איז ניט קיין שלעכט קינד, אָבער דיך איז זי נישט ווערט... פאַרפאַלן, אַזוי איז דיין גורל, האָסט מער קיינעם נישט אויף דער וועלט... איך בין אַלט... אָבער כ׳וועל דיך נישט פאַרלאָזן... ביז מיין לעצטן אָטעם... די שופרות!... דאָס שאַלן פון די שופרות!... ס׳האָט זיך מיר געדוכט — מען רייסט דאָס האַרץ מיר אַרויס פון ברוסט!...

(עוזיאל קומט אַריין; ער איז אינגאַנצן אַ פאַרענדערטער; דער שמייכל איז פאַרשוואונדן פון זיין געזיכט, דער בליק איז פינצטער און פול מיט צאָרן; הינטער אים גייט ענריקעז).

עוזיאל: (צו ברוכן) אַרויס!... די רגע, אַרויס!...

**פאַראומרייניקסט די ערד, וואָס דו טרעטסט אויף איר!... פאַרשווועכסט די קברים!... אַרויס, וואָרום כ'וועל דיך מיט שטיינער פאַריאָגן!...** (ער זוכט און הויבט אויף אַ שטיין).

מאַנועלאַ: (פאַרשטעלט ברוכן) **הער אים נישט!...**

ענריקעז: (אומעטיק) **ברוך, טאָרסט מער אין** קיין יידישן גדר ניט שטיין. **אַז וואויל איז צו דיין פאָטער, עליו השלום, אַז וואויל איז צו דיין מוטער, עליה השלום, וואָס זיי האָבן דעם היינטיקן טאָג נישט דערלעבט!... פאַרשעם נישט זייערע קברים, ברוך! גיי, גיי פון דאַנען!...**

עוזיאל: **אַרויס!...** (וואַרפט דעם שטיין אין דער זייט פון ברוכן).

מאַנועלאַ: **אַ שטיין?!... און נעכטן — אַ מעסער?!...** (מיט שטייגנדיקן ווייטיק און צאָרן) **פאַרוואָס נישט גלייך אַ שייטערהויפן?!... פאַרוואָס נישט קיין אויטאָ־דאַ־פע?!... גענוג שוין האָבן אַנדערע געברענט אונדז אין די אינקוויזיציע־פלאַמען!... מיר ווילן איצט אַליין פאַרברענען!... אונדזערע אייגענע — אויפן פייער ברענען!... מיט שטיינער פאַרוואַרפן!... ביי שוואַרצע ליכט!... מיט שופרות!...**

ברוך: **מאַנועלאַ, נו, באַרואיק זיך!... איך וועל אַרויסגיין...**

מאַנועלאַ: **ניין!... פאַרשאַלטן זאָלן זיין די, וואָס האָבן געוואַגט דיך צו פאַרשילטן!... פאַרשעמען זאָל גאָט אויף אַלע אייביקייטן די, וואָס האָבן דיך געוואָלט פאַרשעמען!... ברוך, האַרץ מיינס!... דיין מאַמע הערט אונדז דאָ, זי זעט אונדזביידן, זי וועט זיך מיען פאַר אונדז!... אויב מען פאַרטרייבט דיך, זאָל איך אויך פאַרטריבן ווערן!... אויב דו דאַרפסט גיין אויף נע־ונד, וועל איך גיין מיט דיר!... כ'וועל גיין ביז וואַנען...** (זי פאַרענדיקט נישט, בלייבט אַ ווײַלע מיט אַן אָפן מויל,

טוט זיך אַ וואַקל, פאַלט אויף ברוכס הענט, מורמלענ־
דיק אין האַלב געשטאַמל) ברוך, ב־רו־וך!...

**ברוך:** ראַטעוועט!... (ענריקעז און עוזיאל לויפן צו, כאַפּן אונטער מאַנועלאַן).

**עוזיאל:** צו מיר אין הויז!... שנעל!... (זיי פירן זי פאַמעלעך, ברוך גייט מיט, אָבער עוזיאל שטופּט אים אָפּ מיט שנאה) דו — אַוועק!... דערוועג זיך נישט מיין שוועל אַריבערצוטרעטן, פאַרשאָלטענער!...

(ענריקעז און עוזיאל גייען אַרויס מיט מאַנועלאַן; ברוך בלייבט אַליין, פאַרזונקען אין זיינע מחשבות).

**ברוך:** מאַנועלאַ!... די איינציקע, וואָס האָט נאָך פאַר מיר אַן אָפּן האַרץ!!... מיין איינציקער, מיין לעצ־טער פריינט אין יאַדנבורט!... און רחל?!... רחל בעט, כ׳זאָל איר מוחל זיין און זי פאַרגעסן... (פּויזע) ווי אומ־גליקלעך און עלנט איז דער, וואָס האָט ליב אַ מענטש־לעך, פאַרגייענדיק וועזן... אַזאַ ליבע איז איבערפולט מיט פּיין און סם. בלויז ליבע צו אייביקע ווערטן — צום אמת, צו וויסן, צו גאָט — איז ווי אַ לויטערער קוואַל פון העכסטער פרייד און גליקזעליקייט. (פּויזע) ווי שטיל דאָ איז!!... די אומענדלעכע שטילקייט פון טויט!... צי הילט די זעלבע שטילקייט איין אויך די איינזאַמקייט פון חרם?...

**ענריקעז:** (באַווייזט זיך, רעדט צו ברוכן פון ווייטן) ברוך!!...

**ברוך:** וואו איז מאַנועלאַ?!... וואָס איז מיט מאַ־נועלאַ?!... (ענריקעז ענטפערט נישט) סעניאָר ענרי־קעז!!!...

**ענריקעז:** (נאָך אַ פּויזע) מאַנועלאַ איז טויט.

**ברוך:** וואָס?!... (ער לאָזט זיך לויפן צום הינ־טערגרונט; אים אַנטקעגן גייט אַן עוזיאל און וויל אים פאַרשטעלן דעם וועג; ברוך שטויסט אים אָפּ).

**ענריקעז:** לאָזט אים, סעניאָר עוזיאל, לאָזט

אים !... ער בלייבט איצט אַליין אויף גאַנץ וועלט...
(ברוך איז אַרויסגעלאָפן).

**עוזיאל:** ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן אויף אַזאַ אומגליק ?!... אַ חרם !!!

**ענריקעז:** צו פיר־און־צוואנציק יאָר !...

**ברוך:** (קומט צוריק אַריין) נישטאָ מער מאַנו־עלאַ !... פאַרענדיקט איר וועג — פון שפּאַניען ביז דער פייכטער ערד פון נידערלאַנד — מאַנועלאַ אַליווייראַ דע גאַמעץ...

**עוזיאל:** דו האָסט זי דערהרגעט !...

**ברוך:** ניין, סעניאָר עוזיאל, דאָס האָבן זיי מאַ־נועלאַן דערהרגעט !... די זעלבע, וואָס ווילן מיט חרם באַצווינגען דעם מענטשלעכן געדאַנק, פּונקט ווי ס'וואָלט אַ געמיינזאַמע מאָס געווען צווישן אמת און קראַפט. אפשר האָפן זיי, אין זייער בלוטיקער שנאה, מיך אויך צו זעלבסטמאָרד דערפירן, ווי עס איז זיי געלונגען מיט אוריאל דאַקאָסטאַ ? זיי זיינען זיך טועה. עס פאַרלאָזט פריוויליק דאָס לעבן בלויז דער, וועמענס נשמה איז געשלאָגן פון אָנמאַכט. איך בין שטאַרק. כ'בין שטאַרק, ווייל כ'בין אומשולדיק, ווייל מיט מיר איז דער אמת !... מיינען אפשר די רבנים, אַז די מענטשלעכע מחשבה וועט זיך פאַרהאַלטן פאַרן צוים פון קללות ?!... דער אמת וועט דערגיין צום יאָדנבורט, אפילו אויב ער זאָל פריער מוזן דורכקרייזן די גאַנצע וועלט !... ביי די קברים פון מיינע עלטערן שווער איך — נישט אָפּ־שטעלן זיך מער קיינמאָל פאַר גאָרנישט, נישט אָפּ־שרעקן זיך פאַר קיין שום זאַך און ביז מיין לעצטן אָטעם — לעבן פאַרן אמת און לעבן לויטן אמת !... און זאָל מען דאַן מיך משפּטן !...

**עוזיאל:** (שטיל) גיי, ברוך... גיי אין פרידן... דאַרפסט דאָ מער נישט זיין...

**ענריקעז:** מיר וועלן טאָן צו מאַנועלאַן איר

רעכט.. גיי, דער וואָס אין הימל זאָל זיך מרחם זיין אויף דיינע יונגע יאָרן...

(ברוך בלייבט שטיין פאַרטראַכט, וואַרפט אַ לעצטן בליק צו די קברים און גייט פּאַמעלעך צום בית־עולם־טויער; עוזיאל און ענריקעז קוקן אים נאָך, שאָקלען טרויעריק מיט די קעפּ און פאַרשווינדן באַלד אין הינטערגרונט; ברוך גייט אַרויס פון טויער, פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ; די זון האָט זיך געזעצט, ס'ווערט טונקעלער; אויפן וועג, וואָס פירט פון דאָרף, באַווייזט זיך אַ יונג מיידל פון אַ יאָר דרייצן; זי שטעלט זיך אָפּ, באַטראַכט ברוכן פון ווייטן און גייט צו צו אים, אומדרייסט).

דאָס מיידל: פּאַרצייט, מינהער, איר זייט ניט אַמאָל פון אַמסטערדאַם?...

ברוך: (שטיל) יאָ... כ'בין פון אַמסטערדאַם...

דאָס מיידל: הייסט איר ניט דעספּינאָזאַ, מינ־הער?...

ברוך: (ווי פריער) יאָ, איך הייס דעספּינאָזאַ...

דאָס מיידל: און מיך רופט מען קאַטרין, מינ־הער. מיינע עלטערן האָבן מיך געשיקט אייך זוכן. שוין עטלעכע מאָל געווען ביים שיף, אויסגעקוקט דאָס גאַנצע דאָרף... כ'האָב געקלערט: איר מוזט אַוודאי זיין דאָ, אויפן יידישן בית־הקברות... האָב איך אָבער מורא געהאַט אַריינצוגיין אַליין, כ'בין געשטאַנען פונ־דערווייטן... מינהער, איר האָט אין אַמסטערדאַם אַ פריינט, וואָס הייסט יאָהאַנעס?...

ברוך: יאָ... איך האָב אין אַמסטערדאַם אַ פריינט, וואָס הייסט יאָהאַנעס...

קאַטרין: ער האָט עס צו אונדז געשריבן און אָפּגעשילדערט אייך: אַ יונגער, אַ בלייכער, מיט פעך־שוואַרצע האָר... איך האָב אייך תיכף דערקענט, מינ־הער. אייערע האָר זיינען טאַקע שוואַרץ, ווי פעך, שוואַרץ ווי ביי אַ טייוול... (זי צעלאַכט זיך) זייט נישט בייז,

מינהער — דאָס מאַך איך שפּאַס. אייערע האָר זיינען ווייט נישט אַזוי שוואַרץ, ווי ביי אַ טייוול. אויסער־דעם ווייס איך — ס'זיינען בכלל קיין טייוולאָנים נישט פאַראַן!... (זי לאַכט) יעדער האָט די פאַרב פון האָר, וואָס גאָט באַשטימט. מיינע האָר זיינען בלאָנד; אפילו נישט בלאָנד, נאָר ווייס. מען לאַכט פון מיר אין דאָרף — אַ קאָפּ מיט פלאַקס!... אָבער מיך — איר מיינט, מיך אַרט עס?!... ס'הויבט זיך נישט אָן!... (זי לאַכט) פאַר־צייט, מינהער, איך רייד און רייד — אַלע זאָגן, גאָט וועט מיך שטראָפן פאַר מיין לאַנגער צונג... (זי לאַכט ווידער) מיינע עלטערן פאַרבעטן איך צו אונדז, מינ־הער. מיר זיינען דאָרפסלייט פשוטע, אָבער נעמען גערן אויף אַ גאַסט, אַן ערלעכן מאַן. מיינע עלטערן האָבן זייער געבעטן, איר זאָלט קומען!... (ברוך ענטפערט נישט) מינהער!...

**ברוך:** (קוקט זי אָן, ווי ער וואָלט זי ערשט באַ־מערקט, פרעגט פאַרוואונדערט, שטיל) האַ?!...

**קאַטרין:** (אויך זי באַטראַכט אים אַ ווײַלע) מינ־הער, איך רינען טרערן פון די אויגן!... איר האָט עמיצן צו קבורה געבראַכט?...

**ברוך:** (פאַמעלעך) יאָ... די לעצטע, וואָס איך האָב פאַרמאָגט... אַלץ... מיין יוגנט... מיין גאַנץ ביז איצטיק לעבן...

**קאַטרין:** גאָט וועט אייך צושיקן טרייסט, מינ־הער...

**ברוך:** טרייסט?!... יאָ... (ער בלייבט אַ ווײַלע פאַרטראַכט, הויבט אָן ריידן, ווענדנדיק זיך צום מיידל, אָבער, ווידער, ווי ער וואָלט זי נישט געזען) עס טרעפט — שטייט אַ שיף פאַראַנקערט אין היימישן האַפן... פלוצלינג קומט אַ שטורעם און, אין איין רגע — דער אַנקער צעבראַכן, די שטריק אַלע צעריסן!... דאָס שיף ווערט געשלײַדערט אויפן ברויזנדיקן ים... בערג און

תהומען, תהומען און בערג... צוערשט דוכט זיך דעם שיפער: דאָס לעבן איז אויס, דער סוף איז אומפאַר־מיידלעך!... אָבער — אויב דער רודער איז גאַנץ... אויב די האַנט איז שטאַרק און דער מוט — נישט געבראָכן... (ער טראַכט אַ ווײַלע, זײַן בליק ווערט העלער) באַלד דערפילט דער שיפער דעם שאַרפן הויך פון פרייהייט, דעם געדויש פון אומענדלעכקייט... ווי ווײַט איז דער הימישער האַפן!... ווי נעבעכדיק קליין — אַלץ, וואָס האָט אויסגעזען הויך ביז צום הימל!... דאַרף דער שי־פער בענטשן דעם גורל — פאַרן שטורעם?!... ער שטייט פּנים אל פּנים מיט דער אייביקייט! (פויזע; שטילער) גליקזעליקייט פון לויטערער מחשבה!... פרייד און זוניקע רו פון התבוננות!... שטראַלנדיקע ליבע פון געדאַנק צום באַשאַפער און צו גאָר דעם באַשאַף!... וואָס איז לײַדן?!... און וואָס אפילו — טויט?!...

קאַטרין: (קוקט אים אָן, מיט קינדערישן ערנסט) מינהער, אונדזער דערלייזער האָט געזאָגט: לאָזט די טויטע מקבר זײַן די טויטע... דאָס טײַטשט מען בײַ אונדז: זאָלן די לעבעדיקע זוכן דעם אמת פון לעבן...

ברוך: יאָ, יאָ... איך ווייס... (באַטראַכט זי פּלוצ־לינג אויפמערקזאַם) ביסט אַ וואויל־געלערנט מיידל!... ווי הייסטו?...

קאַטרין: (צעשמייכלט זיך ווידער, הגם אַביסל באַליידיקט) כ׳האָב אײַך געזאָגט שוין, מינהער!... איך הייס קאַטרין!... און איר?...

ברוך: דעספּינאָזאַ.

קאַטרין: דאָס ווייס איך אַליין!... כ׳מיין — אײַער נאָמען!...

ברוך: מײַן נאָמען?... (ער וואַקלט זיך אַ ווײַלע) ברוך.

קאַטרין: (לאַכט) ברוך — פון אַמסטערדאַם?!... אַזוי רופט מען אײַך?!...

ברוך: (שטיל) יאָ, קאַטרין. אַזוי רופט מען מיך... ריכטיקער — אַזוי האָט מען מיך גערופן... (און ווי חזרנדיק פאַר זיך אַליין) ברוך... ברוך פון אַמסטער־דאַם... (ער טראַכט אַ ווײַלע).

קאַטרין: (איז געוואָרן דרייסטער, רירט אָן ברוכס האַנט) גייען מיר?...

ברוך: (קוקט זי אָן, ווידער, ווי ניט פאַרשטייענדיק) וואוהין?!...

קאַטרין: (מיט פאַראיבל) מײַנהער, צי האָט איר נישט געהערט, וואָס כ'האָב גערעדט צו אײַך?!... מײַנע עלטערן פאַרבעטן אײַך צו אונדז!... זיי בעטן זייער!...

ברוך: אָ, יאָ!... אַ דאַנק... גיב איבער דײַנע עלטערן, קאַטרין: איך דאַנק פון גאַנצן האַרצן... אָבער — איך קאָן נישט איצט...

קאַטרין: איר קאָנט נישט?!...

ברוך: ניין!... איך בעט מיר פאַרצייַען... אַן אַנדערש מאָל אפשר...

קאַטרין: (מיט מיטגעפיל) וואו וועט איר זיך אַהינטאָן, מײַנהער?!... איר קענט דאָ קיינעם נישט!... ס'איז דאָך באַלד נאַכט!...

ברוך: יאָ, יאָ... איך ווייס...

קאַטרין: מײַנהער... (זי קוקט אים אָן אַ ווײַלע) איר ווילט זײַן אַליין?!...

ברוך: (לאַנגזאַם) אַ דאַנק, קאַטרין... אַ גוטע נאַכט...

קאַטרין: אַ גוטע נאַכט, מײַנהער... ס'טוט מיר באַנג, באמת... אַ גוטע נאַכט... (זי פאַרשווינדט).

ברוך: אַליין!... (פויזע) אַליין?... (ער הייבט אויף דעם קאָפּ, ווי באַטראַכטנדיק דעם הימל, קוקט דערנאָך לאַנג זיך אַרום און זאָגט שטיל) דער אַלטער עוזיאל איז גערעכט: נישט איינזאַם איז דער, וואָס

**טראַגט גאָט ביי זיך אין האַרצן... און ס'איז אַוודאי ניִשט איינזאַם דער, וואָס טראַגט אין האַרץ ביי זיך — דעם אמת. אפילו ווען ער איז אַליין — איז מיט אים די גאַנצע וועלט**... (ער קוקט זיך נאָך אַמאָל אַרום און שטיל, פאַרטראַכט, לאָזט ער זיך גיין).

פאָרהאַנג